ק. קאוטסקי.

# פרידריך ענגעלס

זיין לעבען, זיין ווירקען און זיינע שריפטען.

---

פערלאג „די וועלט“.



„פערלאגס-דרוקעריי“, ווארשא, פאנסקא 20.
תרס"ו.

---

ФРИДРИХЪ ЕНГЕЛЬСЪ

зайнъ лебенъ, зейнъ виркенъ унъ зейне шрифтенъ,

т. е. Фридрихъ Энгельсъ, его жизнь, его вліяніе и его сочиненія.

Соч. К. Каутскаго.

---

„Издательская Типографія“, Варшава, Панская 20.
1906.

# פרידריך ענגעלס.

## זיין לעבען, זיין טהעטיגקייט און זיינע שריפטען.

דעם 6־טען אויגוסט 1895 יאָהר האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט גאַנץ אונגעריכטערהייט בעקומען די ידיעה פון לאָנדאָן, אַז מאָנטאַג, דעם 5־טען אויגוסט, האַלב עלף אַ זייגער אין אָוועגד, איז פרידריך ענגעלס אָהן מאַטערניש און אָהן בעוואוסטזיין פון האַלבען טאָג אָן, רוהיג געשטאָרבען. נאָר די נאָהענטע פריינד זיינע האָבען געוואוסט, אַז פון חודש מערץ אָן האָט ער בעקומען אַ געפעהרליכע קרעבס־קראַנקהייט (אַ ראַק) אין מאָגען, וועלכע האָט זיך שנעל פערברייטעט. אָבער אַפילו זיי האָבען ניט גערעכענט, אַז דער טויט איז אַזוי נאָהענט — דריי טעג פאַר'ן טויט איז ביי איהם געוועזען געגאָסע ד"ר. אַדלער פון ווין — און פון זיינע עלטערע פריינד איז בעת'ן שטאַרבען געשטאַנען נאָר עדואַרד בערנשטיין.

לערך מיט צוויי חדשים פריהער איז ענגעלס געפאָהרען אין גאָסטבורן אויפ'ן ברעג ים, וואו ער פלעגט זיך אַלע סוף־זומער אויסרוהען. דאָן האָט ער זיך בכלל וואויל געפיהלט און איז געוועזען אין אַ פרעהליכען צושטאַנד. אַז די סימפּטאָמען (סמנים) פון זיין קראַנקהייט האָבען זיך דאָרט פערערגערט, האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אין לאָנדאָן, וואו ער איז געשטאָרבען.

קורץ פאַר זיין טויט האָט איינער פון זיינע פריינד געשריבען אין „פאָרוועֶרטס"*) פאָלגענדעס:

„די ידיעות, וועלכע איך קען אייך מיטטיילען, זענען ניט

---

*) צענטראַלער אָרגאַן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פארטיי אין דייטשלאַנד.

קײן פרעהליכע. ענגעלס איז שוין װײטער אין לאנדאן, זײן צושטאנד האט זיך זעהר פערערגערט. מיט א פאר װאכען פריהער האט ער נאך געקענט רעדען און פלעגט רעדען האלבע שטונדען לאנג. דאס האט אבער אויפגעהערט. ער קען געבען צו װיסען זײנע פערלאנגען נאר שריפטליך, פון דעסטװעגען איז ער אין א גוטער שטימונג. אויפ'ן ערשטען בליק װײזט אויס, אז ער פיהלט ניט, װאס איהם פעהלט, הגם די כאראקטעריסטישע סימפטאמען פון זײן קראנהײט זענען פון איהם, דעם װיסענשאפטליך־געניטען בעאבאכ־טער, ניט פערבארגען. ער זאגט אבער אין א גלײכװערטעל, אז זײן עלטער װעט איהם שיצען. אויף דעם שרײב־ברעטעל מאכט ער די פרעהליכסטע װיצען. בקיצור, גײסטיג איז ער אונפערענדערט, אבער קערפערליך איז ער זעהר אבגעשװאכט. ער קען פערטראגען נאר פליסיגע שפײז. ביז פאר איניגע טעג האט ער ניט געברויכט קײנע העלפער. איצט מוז מען איהם אבער העלפען בעת'ן אנטהון און אויסטהון".

פון 14־טען מערץ 1883 יאהר אן, ד. ה. זינט עס איז אנגעקומען די ידיעה פון קארל מארקס'ס טויט, האט דער קלאסען־בעװאוסטער פראלעטאריאט פון דער גאנצער װעלט נאך אזא טרויע־ריגע ידיעה ניט ערהאלטען.

פרידריך ענגעלס האט זײן גאנצען לעבען אבגעגעבען דער בעפרײאונג פון דעם ארבײטער־קלאס. ער און מארקס, זע־נען בײדע געשטאנען בײ דער װיג פון דער איצטיגער ארבײטער־בעװעגונג. זײער לעבען איז אונגעשײדעט פערבונדען געװען מיט דער געשיכטע פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאל־דעמאקראטיע. זײערע שריפטען האבען בעגרינדעט דעם װיסענשאפטליכען פונדא־מענט, אויף װעלכען דער איצטיגער סאציאליזם איז אויפגעבויט. זײערע שריפטען װײזען זעהר קלאר דעם אונטערשיד צװישען דער איצטיגער סאציאל־דעמאקראטיע און די פריהערדיגע אוטאפיסטישע חלומות. זײ זענען בײדע געװען די לעהרער פון דעם ארבײטער־קלאס, װעלכע האבען אויפגעדעקט דעם אינערען צוזאמענהאנג פון די געזעלשאפטליכע ערשײנונגען און זײ בײדע זענען געװען אונער־מידליכע קעמפפער פאר די רעכטע פון דעם ארבײטער פאלק; זײ האבען פאר אונז אויסגעשלײפט א שװערד און האבען אונז אויסגע־

לערנט, ווי צו בענעהן זיך מיט איהם. מאַרקס און ענגעלס זענען די גייסטיגע פיהרער פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלען פראָלע־טאַריאַט; זיי האָבען טיעף פערשטאַנען זיין אינערען לעבען און גע־שילדערט איהם אַזוי קלאָר ווי נאָך קיינער פאַר זיי. און בעת דער שוואַרצער טויט האָט איבער געשניטען דעם לעבען פון דעם ביז איצט מוטהיגען און קרעפטיגען ענגעלס, טרויערען דערויף די אַרבייטער פון אַלע לענדער, אָהן אונטערשיעד פון לאַנד און שפּראַך.

דער גייסט פון ענגעלס איז געווען זעהר רייך. ער האָט געהאַט אַ גרינדליכע בילדונג אין אַלע געביעטען פון מענשליכע קענ־טניסע, דערצו האָט איהם נאָך געהאָלפען זיין זעלטענע פעהיגקייט צו טעאָרעטישער דענקונג. זיין אוניווערסאַלע קאָפּ האָט ניט פער־טראָגען קיין איינזייטיגקייט. ער האָט אויסגעפאָרשט די מאַטעריעלע קרעפטען, וועלכע בעוועגען די מענשהייט און האָט זיך בעשעפטיגט מיט די העכסטע פילאָזאָפישע פראַגען. אין דער צייט, ווען ער האָט געשריעבען פּאָליטישע בראָשורען, האָט ער אויך געלערנט מאַטע־מאַטיק, פיזיק, חימיע און קריעגס־געשיכטע. דער זעלבער מאַן, וועל־כער האָט אויסגעפאָרשט די געהיימניסע פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, האָט אויך געשטודירט די טאַקטיק פון דער קריעגס־אַרמעע פון 1870 יאָהר; דער זעלבער דענקער, וועלכער האָט בע־שריעבען די רוסלענדישע פּאָליטישע און ווירטשאַפטליכע לאַגע, גלייך ווי ער וואָלט דאָרט אויפגעוואַקסען געוואָרען, האָט זיך אויך בע־שעפטיגט מיט דער אורגעשיכטע פון דער מענשהייט. זיין גייסט איז בעפרידיגט געווען מיט דעם אַנטהיילנעהמען אין די איינצעלהייטען פון דער פּראַקטישער פּאָליטיק ניט ווייניגער, ווי מיט דעם שטו־דירען פון די העכסטע טעאָרעטישע פּראָבלעמען (אויפגאַבען). און אַלץ, וואָס ער האָט געטהון, געזאָגט, געשריעבען און געטראַכט, איז אַלץ געווען פאַר דער ליידענדער און קעמפפענדער מענשהייט. אין זיינע יונגע יאָהרען האָט ער אַלס אַ רעוואָלוציאָנער געקעמפפט מיט געווער אין האַנד פאַר די פרייהייט פון די אונטערדריקטע און ביז די לעצטע טעג זענען זיינע געדאַנקען אימער געבליעבען טריי דעם אַרבייטער־קלאַס. זיין לעבען האָט ער מקריב געווען דעם סאָ־ציאַליזם און דעריבער איז זיין ביאָגראַפיע — די געשיכטע פון דעם סאָציאַליזם אין די לעצטע פופציג יאָהר.

קיינער האָט אַזוי ניט בעשריבען ענגעלס'ס לעבען און ווירקען, זיין אויפטהון פאַר דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און זיין בעדייטונג פאַר דעם סאָציאַליזמוס מיט אַזאַ ליעבע און קענטניס, ווי קאַרל קאַוטסקי אין זיין אַרטיקעל „פריִדריִך ענגעלס“, וועלכען ער האָט אָבגעדרוקט אין הערבסט 1887 יאָהר, אין דעם עסטרייכישען אַרבייטער־קאַלענדאַר. דיזען אַרטיקעל דריקען מיר דאָ איבער.



פריִדריִך ענגעלס איז געבוירען געוואָרען דעם 28־טען נאָוועמבער 1820 יאָהר אין דער שטאָדט באַרמען; זיין פאָטער איז געוועזען אַ פאַבריקאַנט. זיין געבורטס־אָרט — אַ פראָווינץ אויף דעם טייך רהיין — איז די מעהר ענטוויקעלסטע געגענד אין דייטשלאַנד ווי עקאָנאָמיש אַזוי פאָליטיש. די נאָהענטקייט פון ענגלאַנד פון איין זייט און פון פראַנקרייך פון דער אַנדערער זייט, די געאָגראַפישע לאַגע אויף דעם ברעג פון דעם רהיין, דער רייכטום אין קוילען און ערצען (ערד, אין וועלכע עס געפינט זיך פערשיעדענע מעטאַלען), דאָס אַלעס האָט געווירקט, אַז אין די רהיין־פראָווינצען זאָל זיך פריהער איידער אין גאַנץ דייטשלאַנד ענטוויקלען אַ מעכטיגע גרויס־אינדוסטריע און אַ רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע, וועלכע איז געוועזען פיינדליך דעם פעאָדאַליזם, אָבער אויך אַ שטאַרקער פראָלעטאַריאַט האָט זיך דאָרט ענטוויקעלט, וועלכער האָט שוין געהאַט אין זיך געזונדע קערנער פון קלאַסענבעוואוסטזיין. די קליין־בורזשואַזיע אין די רהיין־פראָווינצען האָט ניט געשפיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע ווי אַנדערש וואו אין דייטשלאַנד. די רהיין־פראָווינצען זענען אויך געוועזען איינע פון די וועניגע געגענדען אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבען געהאַט אַ רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע. לערך צוואַנציג יאָהר, ביז 1815 יאָהר, זענען זיי געוועזען אונטער דעם איינפלוס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, געהערענדיג צום טייל צו פראַנקרייך, און די אַנשויאונגען און דאָס רעכט, וואָס די „גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע“ האָט אַרויסגערופען אין לעבען האָבען אין ענגעלס'ס יונגע יאָהרען דאָרטען געהערשט אין זייער גאַנצער קראַפט.

דעמאָלט איז אָבער אויך געווען די בליהונגס־צייט פון דער דייטשער פילאָזאָפיע. די געזעלשאַפטליכע רעוואָלוציע פון דעם 18־טען יאָהר־הונדערט מיט איהרע פערשיעדענע צווייגען, וועלכע האָט זיך אין ע נ ג ל אַ נ ד אויסגעדריקט אין אַ רעוואָלוציע אין דער אינ־דוסטריע, אין פ ר אַ נ ק ר ײַ ך — אין דער פּאָליטיק, האָט זיך אין ד ײַ ט ש ל אַ נ ד, דורך איהרע ספּעציפישע פערהעלטניסע אויסגעדריקט בלויז אין אַ רעוואָלוציע אין די קעפּ, אין אַ רעוואָלוציע אין דער פי־לאָזאָפיע. אין דער צײַט ווען די רעוואָלוציע אין פּראַקטישען לעבען איז אין ד ײַ ט ש ל אַ נ ד געגאַנגען ניט אַזוי שנעל און ניט אַזוי פאָלשטענ־דיג ווי אין פ ר אַ נ ק ר ײַ ך און ע נ ג ל אַ נ ד, איז אָבער דערפאַר די אידעען־רעוואָלוציע געווען אין ד ײַ ט ש ל אַ נ ד פיעל גרינדליכער בע־וואָרנט.

דעם העכסטען פּונקט האָט זי דערגרייכט אין ה ע ג ע ל ס פי־לאָזאָפיע. די דײַטשע פאָלקס־מדריכים האָבען אין ה ע ג ע ל ס פי־לאָזאָפיע געפינען אַ ווּיסענשאַפטליכע הסכמה אויף אַלץ, וואָס איז אַלט און פערפוילט. ה ע ג ע ל זאָגט אָט וואָס: „אַלץ, וואָס איז ווירקליך (וואָס עקזיסטירט), איז פערנינפטיג און אַלעס וואָס איז פערנינפטיג איז ווירקליך". די שוהל־מדריכים, וועלכע האָבען מיט זייערע אויגען געזעהען נאָר די פערשימעלטע און פערפוילטע פּאָליטי־שע און געזעלשאַפטליכע פאָרמען פון זייער צײַט, האָבען געגלויבט, אַז נאָך ה ע ג ע ל'ן נאָך זענען נאָר אָט דיזע פאָרמען די פערנינפטיג־סטע. זיי האָבען ניט אײַנגעזעהען, אַז די קערנער פון די נײַע פאָר־מען האָבען אויך אַזוי עקזיסטירט אין דער ווירקליכקײַט פּונקט ווי די רעשטען פון די אַלטע פאָרמען.

דער אינערער עצם פון דער ה ע ג ע ל'שער פילאָזאָפיע איז גאַנץ רעוואָלוציאָנער, פערשטעהט זיך, ניט אין דעם פּאָליציאישען זין, נאָר אין דעם פילאָזאָפישען, ד. ה., דורך דעם שטענדיגען אומבײַט און אומענדערונג (פון דעם עקזיסטירענדען, דורך דעם שטענ־דיגען אַרויסוואַקסען פון נײַע געגענזאַצען און שטענדיגען בטל־ווערען פון אַלטע. אין דעם זין האָט טאַקי געווירקט דיזע פילאָזאָפיע.

פ ר י ד ר י ך ע נ ג ע ל ס האָט זיך געפונען אונטער דעם אײַנ־פלוס פון ה ע ג ע ל'ס פילאָזאָפיע ווי אויך ה י י נ ר י ך ה י י נ ע, פ ײַ ע ר ב אַ ך, מ אַ ר ק ס און פיעלע אַנדערע. די פּראַקטישע און טעאָ־

רעטישע בילדונג פון פרידריך ענגעלס האבען געווירקט, אז העגעל'ס פילאזאפיע איז פאר איהם געווען ניט נאר א דיאלעקטישער קונץ־שטיק, נאר א מיטעל צו א וויסענשאפטליכער פארשונג. ניט א מעטאדע ווי אזוי די פערהעלטניסע, וואס עקזיסטירען אין ווירקליכקייט צוזאמענצושטעלען און איינצואורדנען נאך די אידעען נאך, נאר פערקעהרט, די אידעען צו פערשטעהן און צו ערקלעהרען דורך די עקזיסטירענדע פערהעלטניסע. פריהער האט ער געטראכט צו שטודירען פאליטישע עקאנאמיע אין אנ'אוניווערזיטעט און דעריבער איז ער נאך דער ענדיגונג פון דער נידעריגער רעאל־שוהלע אין בארמען אריבער אין עלבערפעלדער גימנאזיום. די קענטניסע אין פיזיק און כעמיע, וואס ער האט בעקומען אין דער רעאל־שוהלע האט איהם געגעבען א גוטען פונדאמענט צו זיין ווייטערדיגער נאטורוויסענשאפטליכער אויסבילדונג. די פאמיליען־פערהעלטניסע און די פאליטישע אפאזיציאנעלע געזינונג פון זיינע יונגע יאהרען אן האבען איהם העסליך געמאכט יעדע בעאמטען־קאריערע און ער האט בעשלאסען מיט א יאהר פריהער איידער ער האט געענדיגט דעם גימנאזיום, אויסצוקלייבען א סוחרישע קאריערע. ער האט זיך בעשעפטיגט מיט זיינע פילאזאפישע ארבייטען אין דער צייט ווען ער איז געווען בעשעפטיגט אין א ברעמער האנדעלס־הויז אלס א פראקטיקאנט (פון 1838 יאהר), אזוי ווי שפעטער בעת ער האט געדינט אין מיליטער איין יאהר אין בערלין אלס א פרייוויליגער ווי אויך הערנאך (פון 1842 ביז 1844) אין מאנטשעסטער, וואו ער האט געארבייט אין א פאבריקס־געשעפט, אין וועלכען זיין פאטער איז געווען שותף.

אין ענגלאנד, אין דעם געבורטס־לאנד פון דעם קאפיטאליזם, האט זיך פאר זיין אויסגעשארפטען עקאנאמישען און פאליטישען בליק באלד אויפגעדעקט דער גאנצער גאנג פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן. דארט האט ער געקענט דערקענען קלערער ווי ערגעץ אנדערשוואו די לאגע פון דעם פראלעטאריאט, ווי זיינע ליידען אזוי אויך זיין היסטארישע צוקונפט. זיין אינטערעס פאר דעם פראלעטאריאט איז אלץ געוואקסען און באלד געפינען מיר איהם אין צענטער פון דער בעוועגונג, ווי פון דעם דעמאלסדיגען אוטאפיסטישען סאציאליזם, אזוי אויך פון דער דעמאלטיגער נאך ניט־סאציאליסטישער ארבייטער־בעוועגונג. מיט השק שטודירט ער בייד

בעוועגונגען, אָבער ניט אַלס אַ צוזעהער, נאָר אַלס אַ מיטקעמפּפער. ער איז געוואָרען אַ מיטאַרבייטער אין דעם „צפון־דיגען שטערן" (פאַר־טייַ אָרגאַן פון די טשארטיסטען) און אין ראַבערט אָוועז'ס „די נייע זיטליכע וועלט".

פאָהרענדיג צוריק אין דייטשלאַנד, האָט ער אויפ'ן וועג בעזוכט קאַרל מאַרקס אין פּאַריז, מיט וועמען ער האָט שוין פון פריהער אָן געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ. פון דעמאָלט הייבט זיך אָן זייער פריינדשאַפט, וועלכע האָט פאַר זיי ביידען געהאַט זעהר אַ גרויסע בעדייטונג. זייער אידעען־איינינקייט איז באַלד געוואָרען אַזאַ ערנסטע, אַז זיי האָבען אין איינעם פערפאַסט אַ בוך, אין וועלכען זיי האָבען אָפען ערקלערט אַ קריעג דער יונג־העגעל'שער שוהלע, צו וועלכער זיי האָבען פריהער געהערט.

דער העגעליאַניזם, ווי בכלל די דייטשע פילאָזאָפיע, איז געווען אידעאַלאָגיש. נאָך דעם העגעליאַניזם זענען די אידעען ניט אַנ־אָבבילדונג פון די ווירקליכע פערהעלטניסען, נאָר זיי עקזיסטירען זעלבסטשטענדיג און די ענטוויקלונג פון די אידעען איז דער גרונד פון דער ענטוויקלונג פון די ווירקליכע פערהעלטניסען. געגען אַזאַ מיינונג זענען אַרויסגעטרעטען מאַרקס און ענגעלס. זיי האָבען אָנגענומען העגעלס דיאַלעקטישע מעטאָדע, אָבער ניט דעם גאַנ־צען דאָגמאַטישען געבוי פון זיין פילאָזאָפיע. אָנשטאָט דער אידעאָלאָגיע האָבען זיי אָנגענומען דעם מאַטעריאַליזם. זיי האָבען זיך ענטשלאָסען צו שילדערן די ווירקליכע וועלט — נאַטור און געשיכטע — ווי זי שטעלט פאָר יעדען מענשען, וועלכער האָט ניט קיין פאַרטיגע אידעאַליסטישע פאַנטאַזיעס פון פריהער; מען האָט זיך ענטשלאָסען אָהן רחמנות אַוועקצוואַרפען יעדען אידעאַליסטישען חלום, וועלכער שטימט ניט מיט דעם ווירקליכען (ניט אָבער מיט דעם פאַנטאַסטישען) צוזאַמענהאַנג פון די פאַקטען. נאָר דאָס הויפּט זיך מאַטעריאַליזם און ווייטער איבערהויפּט קיין זאַך ניט. (פריד־ריך ענגעלס: „לודוויג פייערבאַך". נייע צייט 1886 יאָהר, זייטע 197).

צום ערשטען מאָל איז דיזער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם אַרויסגעטראָטען אין דעם בוך: „די היילינע פאַמיליע, אָדער קריטיק פון קריטישער קריטיק, געגען ברונאָ באויער און זיין קאָמפּאַניע",

וועלכען ענגעלס און מארקס האבען צוזאמען פערפאסט. ער איז געשריבען געוואָרען אין 1844 יאָהר אין פאריז און איז געדרוקט געוואָרען אין פראנקפורט אין 1845 יאָהר. דעם גרעסטען טייל פון דיזען בוך האט פערפאסט מארקס, זיין הויפט אינהאלט איז א פילאָזאָפישער און א היסטאָרישער, די וויסענשאפטען, מיט וועלכע מארקס האט זיך ביז דעמאָלט הויפטזעכליך בעשעפטיגט. עקאָנאָמישע פראגען זענען זעהר זעלטען בערירט. דער פראָלעטארישער שטאנד־פונקט טרעט שוין אָבער ארויס גאנץ דייטליך.

פון יענער צייט האבען זייערע שריפטען אנגענומען מעהר אַן עקאָנאָמישען כאראקטער. מארקס האט זיך אליין מעהר פערטיעפט אין עקאָנאָמישע לעהרען. ענגעלס זעלבסט האט פערפאסט א בוך אין וועלכען ער האט געשילדערט דעם רעזולטאט פון זיינע עקאָנאָמישע פאָרשונגען, מיר מיינען דעם בעקאנטען בוך: „די לאגע פון דעם ארבייטער־קלאס אין ענגלאנד“, וועלכער איז ארויס אין 1845 יאָהר און וועלכער איז ערשט ניט לאנג איבערגעזעצט געוואָרען אין ענגליש; דאס איז א בעווייז, וואס פאר א בעדייטונג דאס בוך האט נאָך איצט אויך.

קלענערע עקאָנאָמישע ארטיקלען פון ענגעלס האבען פריהער אויך ערשיינט. פריהער פון אלע דארף מען דערמאָנען דעם ארטיקעל אונטער דעם טיטול: „א קריטישע סקיצע פון נאציאָנאל־עקאָנאָמיע“, וועלכער איז געוועזען אָבגעדרוקט אין דער צייטשריפט „דייטש־פראנצויזישע יאָהר־ביכער“ אין 1844 יאָהר, ארויסגעגעבען פון מארקס און רוגע. דיזער ארטיקעל איז וויכטיג, ווייל אין איהם איז צום ערשטען מאָל בעגרינדעט געוואָרען דער סאָציאליזם אויף דער פאָליטישער עקאָנאָמיע. ענגעלס האט דעמאָלט די פאָליטישע עקאָנאָמיע געוואוסט נאָך ניט זעהר טיעף (צ. ב. ריקארדא'ס טעאָריען האט ער געוואוסט נאָר דורך מאק־קולאָך'ס וואסערדיגען בוך). דערפון זענען ארויסגעקומען איינינגע פעהלערען נעבען די ערשטע איינציגע קערנער פון דעם וויסענשאפטליכען סאָציאליזם, וועלכען ענגעלס מיט מארקס האבען דערנאָך בעגרינדעט. צום טהייל זענען די פעהלערען איין אָבקלאנג פון די פאָרמען פון דעם סאָציאליזם, מיט וועלכע ענגעלס האט זיך אין ענגלאנד דערקענט.

גאנץ אנדערש איז אין דעם בוך „די לאגע פון דעם ארבייטער־

קלאַס אין ע נ ג ל אַ נ ד". ע נ ג ע ל ס קריטיקירט שוין דאָרט דעם טשאַרטיזם און דעם אָווענִיזם און פֶערלאַנגט אַ פֶעראייניגונג צווישען זיי בּיידען אין אַ העכערער איינהייט: די אַרבּייטער־בּעוועגונג זאָל די מאַכט װערען, וועלכע זאָל דורכפיהרען דעם סאָציאַליזם, און דער סאָציאַליזם זאָל דער ציעל װערען, צו וועלכען די אַרבּייטער־בּעוועגונג דאַרף שטרעבּען. דער ענגלישער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם, דער אָווענִיזם, האָט אין אַלגעמיין ניט געוואָלט וויסען פון דער אַרבּייטער־בּעוועגונג, ניט פון שטרייקען, ניט פון געווערקשאַפטען און ניט פון פּאָליטישער טהעטיגקייט. די אַרבּייטער־בּעוועגונג ווידער, דער טשאַרטיזם, איז ניט אַריבּער די גרענעצען פון דעם איצטיגען קאַפּיטאַליסטישען לוין־סיסטעם, ד. ה. ער האָט געפאָדערט פאָלע קאָאַליציאָנס־פרייהייט, וואַהלרעכט, אַ נאָרמאַלען אַרבּייטס־טאָג; יעדענפאַלס, דער קליין־בּויערלִיכער גרונדבּעזיץ האָט געדיענט פאַר די מעהרצאָהל פון די טשאַרטיסטען אַלס אַ געוועהר, ניט די איצטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג אין גאַנצען אָבּצושאַפען, נאָר צו מאַכען, אַז די מאַסען זאָלען זיך עטוואָס בּעסער לעבּען אין דער איצטיגער אָרדנונג גופא.

אים גענענטהייל דערצו ערקלערט ע נ ג ע ל ס: „אין זיין איצטיגען (אוטאָפּיסטישען) געשטאַלט, וועט דער סאָציאַליזם בּשום אופן ניט אָנגענומען ווערען פון דעם גאַנצען אַרבּייטער־קלאַס, ער וועט זיך זאָגאַר מוזען אַראָבּלאָזען נידעריגער, אויף אַ צייט אומקעהרען זיך צוריק צו דעם שטאַנד פּונקט פון די טשאַרטיסטען... דאָס צוזאַמענשמעלצען פון דעם סאָציאַליזם מיט דעם טשאַרטיזם, דאָס אויפלעבּען פון דעם פראַנצויזישען קאָמוניזם אויף ענגלישער אַרט, דאָס וועט אין גיכע צייטען פּאַסירען און דאָס האָט זיך שוין צום טהייל אָנגעהויבּען". (זייטע 285 און 286). ע ר ש ט ד ע מ אָ ל ט ווען דאָס וועט ג ע ש ע ה ע ן, וועט ד ע ר אַרבּייטער־קלאַס וו ע ר ע ן דער ה ע ר ש ע ר פון ענגלאַנד (זייטע 285־286).

די פעראייניגונג פון דעם סאָציאַליזם מיט דער אַרבּייטער־בּעוועגונג איז אָבּער דער עצם פון דעם איצטיגען וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. אין „דער לאַגע פון דעם אַרבּייטער־קלאַס" איז צום ערשטען מאָל דיזער געדאַנק קלאָר אויסגעשפּראָכען געוואָרען. פ ו ן ד י ז ע ן בּ ו ך ה ו י בּ ט ז י ך אָ ן ד ע ר אָ נ פ אַ נ ג פ ו ן ד ע ם וו י ס ע נ ש אַ פ ט ל י כ ע ן ס אָ צ י אַ ל י ז ם. דיזער בּוך שטעהט שוין צום גרעסטען טהייל,

הגם נאר האלב בעוואוסט. אויף דעם זעלביגען באדען, אויף וועלכען מיט צוויי יאהר שפעטער איז אויסגעוואקסען דער שותפות'ער ווערק פון מארקס און ענגעלס, „דער קאמוניסטישער מאניפעסט", אויף דעם באדען פון דער מאטעריאליסטישער געשיכטס־ערקלערונג, די געשיכטליכע ראלע פון קלאסען־געגענזאצען און קלאסען־קאמפף איז אין „מאניפעסט" שארפער אויסגעדריקט. אין דער הקדמה צו דער ענגלישער איבערזעצונג פון דער „לאגע" זאגט ענגעלס פאלגענדעס: „אין דיזען בוך ווערט שארף אויסגעזאגט דער געדאנק, אז דער קאמוניזם איז ניט אין עיקר נאר פאר דער פארטיי פון דעם ארבייטער־קלאס, זאנדערן א טעאריע, וועלכע שליסט אין זיך איין די בעפרייאונג פון דער גאנצער געזעלשאפט, אפילו דעם קאפיטאליסטישען קלאס אויך, פון זיין איצטיגער לאגע. טעארעטיש איז דער געדאנק גאנץ ריכטיג, אבער אין דער פראקטיק קען מען איהם ניט געברויכען. כל־זמן די פערמעגענדע קלאסען וועלען ניט נאר ניט פיהלען קיין בעדירפניש אין בעפרייאונג, נאר, אדרבא, ענערגיש קעמפפען געגען דער זעלבסט־בעפרייאונג פון דעם ארבייטער־קלאס, ביז דאן מוז די אומענדערונג פון דער סאציאלער ארדנונג צוגעגרייט און דורכגעפיהרט ווערען דורך דעם ארבייטער־קלאס זעלבסט".

„די לאגע פון דעם ארבייטער־קלאס אין ענגלאנד" איז דאס ערשטע בוך פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם ניט נאר צוליעב זיינע געדאנקען וועגען דער ארבייטער־בעוועגונג און אוטאפיזם, נאר אויך דורך זיין מעטאדע, מיט וועלכער ער שילדערט די לאגע פון דעם ענגלישען ארבייטער־קלאס. דיזע שילדערונג איז ניט אזוי ווי אין א וועלכען עס איז פילאנטראפישען בוך, אין וועלכען עס זענען צוזאמענגעשטעלט געווארען די צרות און די ליידען פון דעם ארבייטער־קלאס, זאנדערן א בעשרייבונג פון די געשיכטליכע טענדענצען פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן בכלל, אויף וויפיעל זיי ווירקען אויף די לאגע פון דעם ארבייטער־קלאס*).

*) מארקס שרייבט אזוי וועגען דער „לאגע": „ווי טיעף ענגעלס האט פערשטאנען דעם גייסט פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס אופן, בעוויזט אונז די אפיציעלע סטאטיסטיק, וועלכע האט אנגעהויבען צו ערשיינען פון דעם 1845 יאהר, און אויף ווי פיעל ריכטיג ער מאלט אונז די לאגע קענען בעווייזען די אבערפלעכליכע פערגלייכונגען פון זיין בוך מיט די אפיציע-

ע נ ג ע ל ס האָט געזעהען אין די צרות פון דעם אַרבייטער־קלאַס ניט בלויז די צרות אַליין, ווי די אַנדערע סאָציאַליסטען פון זיין צייט, נאָר אויך די וואָרצלען פון אַ העכערער געזעלשאַפטליכער פאָרם, וועלכע זיי טראָגען אין זיך פערבאָרגען. מיר, וועלכע זענען ערצויגען געוואָרען אויף די געדאַנקען פון דעם איצטיגען סאָציאַליזם, קענען קוים אָבשאַצען דעם ווערט פון דער גרויסער אַרבייט, וואָס דער פיער־און־צוואַנציג־יעהריגער ע נ ג ע ל ס האָט אַוועקגעלייגט אויף זיין בוך אין אַזאַ צייט, בעת מען פלעגט מעהר ניט ווי בעוויינען אָדער אין גאַנצען אָבלייקענען די צרות פון דעם אַרבייטער־קלאַס, אָבער בשום אופן ניט האַלטען זיי פאַר אַ רינג אין דער קייט פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג.

די אונפערשעמטע סאָציאַל־פּאָליטישע שרייבער — קאַריערים־טען און פּראָפּעסאָרען פון אונזער צייט, וועלכע האָבען זיך בעקענט מיט דעם סאָציאַליזם מעהר פון די פּאָליציייאישע בעריכטען אידער פון די שריפטען פון זיינע ווּיסענשאַפטליכע פאָרקעמפּפער האָבען אין דער „לאַגע" געפונען נאָר דאָס, וואָס פאַר זיי פּאַסט, דהיינו: די נביאות, אַז אין ענגלאַנד וועט באַלד אויסברעכען אַ רעוואָלוציע, און מיט גרויס פרייד פּראָקלאַמירען זיי, אַז די נביאות איז ניט מקוים געוואָרען. דיזע לייט האָבען פערגעסען, אַז ענגלאַנד האָט פון דעם 1844 יאָהר אָן בּאֱמת טאַקי דורך געמאַכט אַ קאָלאָסאַלע רעוואָלוציע. שוין אין 1846 יאָהר האָט מען אַראָבגענומען די אָבצאָהלונגען פון די תבואות, וואָס וועררען אַריינגעפיהרט פון אויסלאַנד. אין 1847 יאָהר איז אַרויס דער געזעץ וועגען דעם 10־שטונדיגען נאָרמאַלען אַרבייטס־טאָג פאַר פרויען און קינדער און פון דעמאָלט אָן בעקומט דער אַרביי־טער־קלאַס כסדר נייע רעכטע, אַזוי אַז ער איז טאַקי געוואָרען אַ פּאָלי־טישע מאַכט און די ציעלען פון דעם טשאַרטיזם האָבען זיך ביי היינטיגען טאָג בעצעם פערווירקליכט. דאָס, וואָס די נביאות איז ניט מקוים גע־וואָרען בוכשטעבליך, זענען דערינען שולדיג איינציגע פּאַסירונגען, וועל־כע קיינער האָט ניט געקענט פאָראויסזעהען; פריהער פון אַלין איז די יוני־רעוואָלוציע אין פּאַריז אין 1848 יאָהר און די ענטדעקונג פון גאָלד־פעלדער אין קאַליפּאָרניען אין דעם זעלבּיגען יאָהר, וועלכע האָבען

---

לע רעפּאָרטען, וועלכע האָבען ערשיינט מיט 18-20 יאָהר שפּעטער". (קאַ־פּיטאַל" באַנד I).

אַריבערגעצויגען פילע אונצופריעדענע עלעמענטען פון ענגלאַנד איבער'ן ים און דורך דעם איז גלייך די קראַפט פון דער אַרבייטער־בעוועגונג שטאַרק אָבגעשוואַכט געוואָרען.

וועגען די אַנדערע געדאַנקען פון דער „לאַגע" האָבען אונזערע ליטעראַטאָרען וועניגער געשפּראָכען און דאָך האָבען גראָד אָט די גע־דאַנקען פאַר די דייטשע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע אַ גרויסע בעדייטונג. אין טעאָרעטישער בעציהונג האָט די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע גאָר ניט אויפגע־טהון. די ערקלערונג פון דיזער ערשיינונג האָט שוין מאַרקס אין זיין „קאַפּיטאַל" געגעבען. די איינציגע שריפטען, וועלכע האָבען יאָ אַ וועלכען עס איז ווערט, זענען די בעשרייבונגען פון דער לאַגע פון געוויסע אַרבייטער־שיכטען אין געוויסע ערטער, די בעשרייבונג פון טון, שנאַפּער־אַרנדט, בראַף, זאַקס, זינגער, הערקנער און אַנדערע. אויך ווי פיעל זייערע בעשרייבונגען האָבען יאָ אַ בעדייטונג, אויך ווי פיעל זיי זענען טיפּיש און האָבען אַ היסטאָרישען ווערט און בעשעפטיגען זיך ניט בלויז מיט אַ צונויפמישונג פון היסטאָרישע פּרטים, וואָס שטעהען צווישען זיך אין קיין שום פערבינדונג ניט, אויך אַזוי פיעל שטאַמען זיי אַלע פון מאַרקס'ס „קאַפּיטאַל" און ענגעלס'ס „לאַגע". נאָר וועניג פון זיי, ווי למשל, זאַקס, האָבען געהאַט מוטה אָדער ערכליקייט אָפען זיך מודה זיין דערינען.

די היינטיגע דייטשע עקאָנאָמישע „וויסענשאַפט" לעבט נאָ־דערפון, וואָס זי בעראַבעוועט מאַרקס און ענגעלס און אין דער זעלביגער צייט בילט זי אויף זיי, אָדער זי איז סותר (ווידערלעגט), ווי זי דריקט זיך אויס. און וואָס מעהר איינער האָט ביי זיי שטילער־הייט אָנגע'גנב'עט, אַלץ שטאַרקער בילט ער אויף זיי.

מיר האָבען זיך אַביסעל לייַנגער אָבגעשטעלט אויף דער „לאַגע" צוליעב צוויי טעמים: ערשטענס, ווייל דיזעס בוך איז דאָס ערשטע בוך פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, און צווייטענס, ווייל ער געפינט זיך איצט ניט אויף'ן ביכער־מאַרק*). אויף די איבעריגע ענגלס'ס שריפטען וועלען מיר זיך אַזוי פיעל ניט אָבשטעלען. זיי קען מען לייכטער קריגען און מיר רעכענען, אַז פיעלע פון אונזערע לעזער זענען מיט זיי בעקאַנט און די וועלכע זענען ניט בעקאַנט וועלען דורך אונזער אַרטיקעל

*) די פירמע דיטץ אין שטוטגאַרט האָט אַרויסגעלאָזען אַ נייע אויס־גאַבע דורכגעזעהען פון ענגעלס אַליין אין דעם 1890 יאָהר.

בעקומען אַ השק צו בעקאַנט װערען מיט זײ. דער שטאַנדפּונקט פון די איבעריגע זײַנע שריפטען איז דער זעלביגער, װי דער שטאַנדפּונקט װאָס איז צום ערשטען מאָל אין דער „לאַגע“ אָנגענומען געװאָרען און אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ פון דעם 1847 יאָהר צום ערשטען מאָל סיסטעמאַטיש און פאָלשטענדיג דורכגעפיהרט געװאָרען.

די „לאַגע“ האָט ענגעלס אויסגעאַרבײַט נאָכדעם, אַז ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק פון מאַנטשעסטער נאָך באַרמען. אין דער זעלבער צײַט איז ענגעלס געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז ער, בײַ זײַנע איצטיגע אַנזיכטען, קען ניט לאַנג בלײַבען אין דעם פערשלאָפענעם באַרמען, אין דעם קרײַז פון אַ שטרײַנג-פרומער און העכסט קאָנסערװאַטיװער פאַמיליע. ער האָט אויף אַ צײַט געװאָרפען זײַן סוחר׳ערײַ און איז אַװעקגעפאָהרען נאָך בריסעל, װאו מאַרקס האָט זיך בעזעצט, נאָכדעם אַז די פראַנצויזישע רעגירונג האָט איהם אַרויסגעטריבען פון פראַנקרײַך, אויף דעם פערלאַנג פון דער פרײַסישער רעגירונג. און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען בײַ זײ בײדען אַ לעבהאַפטע, געמײנזאַמע אַרבײַט. דעם טעאָרעטישען פונדאַמענט צו זײער טהעטיגקײַט האָבען זײ באַלד געפונען, מען האָט נאָר געדאַרפט אויף דיזען פונדאַמענט אויפבויען פון דאָס נײַ אַ גאַנצע װיסענשאַפטליכע סיסטעם, דאָס איז אײנס, און צװײטענס, האָט מען די װאַקסענדע פּראָלעטאַרישע בעװעגונג, װעלכע האָט זיך ענטװיקעלט פאַר זײערע אויגען, געדאַרפט אַװעקשטעלען אויף דיזען פונדאַמענט און ברײנגען זי צום זעלבסטבעװאוסטזײַן. די טיעף ערנסטע פעראײניגונג צװישען מאַרקס און ענגעלס אין זײער פּראַקטישער און טעאָרעטישער טהעטיגקײַט האָט איצט בעקומען אַ בעשטימטען ציעל, װעלכער איז געבליבען אַ ציעל פון זײער גאַנצען לעבען און אויף װעלכען זײ האָבען פון דעמאָלט אָן אַװעקגעלײגט אַלע זײערע קרעפטען.

זײער ערשטע װיסענשאַפטליכע אויפגאַבע איז געװען אײן מאָל פאַר אַלע מאָל אָבצורעכענען זיך מיט דער דײַטשער פילאָזאָפיע פון זײער צײַט, ד. ה. מיט די צװײַגען פון דער יונג-העגעל׳שער שוהלע. זײ האָבען אויסגעאַרבײַט צוזאַמען אַ קריטיק-בוך איבער דער יונג-העגעל׳שער פילאָזאָפיע (איבער שטירנער, פײַערבאַך, באויער), װעלכער איז צו יענער צײַט ניט אָבגעדרוקט געװאָרען. ענגעלס שרײַבט אַזוי: מיר האָבען בשום אופן ניט געהאַט בדעה די נײַע װיסענשאַפט-

ליכע רעזולטאַטען פון אונזער אַרבייט פאַרצולייגען אין דיקע ביכער, מעהר ניט ווי פאַר דער „געלעהרטער" וועלט. אַדרבא, מיר זענען שוין טיעף אַריין אין דער פאָליטישער בעוועגונג, מיר האָבען שוין געהאַט אין דער געבילדעטער וועלט, הויפּטזעכליך אין מעריב־דייטשלאַנד, אַ געוויסע צאָהל אַנהענגער און אַ ברייטען מיטגעפיהל מיט דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט. מיר זענען מחויב געווען אונזערע מיינונגען וויסענשאַפטליך צו בעגרינדען און אויף אַזוי פיעל וויכטיג איז פאַר אונז אויך געווען צו געווינען פאַר אונזערע איבערצייגונגען דעם אייראָפּעאישען און פריהער פאַר אַלץ דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט. ווען מיר אַליין זענען מיט אונזער טעאָריע פאַרטיג געוואָרען, דעמאָלט האָבען מיר זיך גענומען פאַר דער אַרבייט. מיר האָבען געגרינדעט אין בריסעל אַ דייטשען אַרבייטער־פעראיין און בעקומען אין אונזערע הענד די „דייטשע בריסעלער צייטונג". אויך זענען מיר געשטאַנען אין אַ פערבינדונג מיט די בריסעלער דעמאָקראַטען (מאַרקס איז געוועזען וויצע פּרעזידענט פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט) און מיט די פראַנצויזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, די אַרויסגעבער פון דער צייטונג „רעפאָרם" וועלכער איך האָב צוגעשטעלט נאַכריכטען פון דער דייטשער און ענגלישער בעוועגונג. קורץ, אונזערע פערבינדונגען מיט די ראַדיקאַלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און זייערע צייטונגען, זענען געהען אין גאַנצען נאָך אונזער וואונש נאָך.

פיעל וויכטיגער איז געווען די פערבינדונג פון מאַרקס און ענגעלס מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלען „בונד פון די גערעכטע", דעם שפּעטערדיגען קאָמוניסטען בונד, פון וועלכען עס איז אַרויסגעוואַקסען לסוף דער „אינטערנאַציאָנאַל". דיזער בונד האָט געמוזט איבער די דעמאָלטיגע פּאָליטישע פערהעלטניסע זיין אַ געהיימער צווישען די לעגאַלע אַרבייטער פעראיינען, ווי למשל דער קאָמוניסטישער אַרבייטער בילדונגס־פעראיין אין לאָנדאָן. עס האָבען איהם געגרינדעט דייטשע רעוואָלוציאָנערען — דאָס רוב אַרבייטער — אין פּאַריז, האַלב צוליעב פּראָפּאַגאַנדע, האַלב צוליעב פערשווערונגס־ציעלען (ואַנאָהאָר, ספּיסעק) אונטער דעם איינפלוס פון דעם פראַנצויזישען אַרבייטער־קאָמוניזם. ער איז שנעל געוואַקסען און באַלד האָבען זיך געגרינדעט אָבטהיילונגען אין ענגלאַנד און אין דער שווייץ. נאָך'ן 1839 יאָהר איז לאָנדאָן, געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון דעם בונד, וועלכער האָט באַלד געבילדעט

אָבטהײַלונגען אין בעלגיען און אין דײַטשלאַנד. פֿון אַ פֿעראײַן פֿון דײַטשע עמיגראַנטען אין פּאַריז איז ער געװאָרען אַ אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער פֿעראײַן.

דער בונד איז געװאַקסען ניט נאָר אין דער צאָהל פֿון מענשען נאָר אױך אין בעװאוסטזײַן. דער אַמאָליגער פֿראַנצױזישער אַרבײַטער־קאָמוניזם האָט די קעפּ פֿון די אָנפֿיהרער װאָס װײַטער אַלץ װעניגער בעפֿרידיגט; אַפּילו װײַטלינג'ס סעקטאַנטען־קאָמוניזם האָט זיך שנעל אָבגעניצט. אין דער זעלביגער צײַט האָט געװאַקסען דער אײַנפֿלוס פֿון מאַרקס און ענגעלס אױף די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע בעװעגונגען. זײַער נײַער שטאַנדפּונקט איז בעקאַנט געװאָרען אין יענע קרײַזען.

אין פֿריהלינג 1847 יאָהר האָט דער זײגער־מאַכער מאָלל, װעלכען ענגעלס האָט געקענט פֿון לאָנדאָן פֿון 1843 יאָהר אָן, אײנער פֿון די װיכטיגסטע מיטגלידער פֿון „בונד פֿון די גערעכטע", אױפֿגעזוכט מאַרקס'ן אין בריסעל און ענגעלס'ן אין פּאַריז, װאוהין ער איז אַריבערגעפֿאָהרען פֿון בריסעל. מאָלל האָט זײ פֿאָרגעלײגט אים נאָמען פֿון זײַנע חברים אַרײַנצוטרעטען אין בונד און האָט זײ פֿערזיכערט, אַז דער בונד װעט אװעקװאַרפֿען זײַן קאָנספּיראַטאָרישען כאַראַקטער און װעט אָננעהמען דעם נײַעם טעאָרעטישען שטאַנדפּונקט. בײדע האָבען זײַן פֿאָרשלאַג אָנגענומען. זומער־צײַט 1847 איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפֿאָהר פֿון דעם בונד אין לאָנדאָן, אױף װעלכען ענגעלס איז געװען דער פֿערטרעטער פֿון די פּאַריזער מיטגלידער. דער בונד האָט אױף דעם קאָנגרעס ניט נאָר געקראָגען אַ נײַעם נאָמען „בונד פֿון קאָמוניסטען" — נאָר איז אױך געװאָרען אין גאַנצען אַ נײַע אָרגאַניזאַציע. פֿון אַ פֿערשװערונגס־חברה איז ער געװאָרען אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישע חברה.

דער צװײטער צוזאַמענפֿאָהר איז פֿאָרגעקומען אין סוף נאָװעמבער און אָנהויב דעצעמבער דעם זעלביגען יאָהר. אױף דיזען צוזאַמענפֿאָהר האָט ניט נאָר ענגעלס, נאָר אױך מאַרקס גענומען אַן אַנטהײל. די אומענדערונגען, װעלכע דער ערשטער קאָנגרעס האָט אָנגענומען האָט דער צװײטער אין גאַנצען דורכגעפֿיהרט. די לעצטע װידערשפּריכע און ספקות (צװײפֿעל) זענען אָבגעשאַפֿט געװאָרען. די נײַע פּרינציפּען זענען אײנשטימיג אָנגענומען געװאָרען און מאַרקס

און ע נ ג ע ל ס זענען אויסגעקליבען געוואָרען אויסצואַרבייטען דעם מאַניפעסט פון דעם בונד.

דערמיט הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין לעבען פון מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס. זיי זענען גלייך געפּאָהרען אין פּ אַ ר י ז און פון דאָרטען אין ד ייַ ט ש ל אַ נ ד, וואו זיי האָבען אין דער שטאָדט ק ע ל ן איבער־גענומען די פיהרונג פון דעם טעגליכען בלאַט „די נייע רהיינישע צייטונג". ע נ ג ע ל ס'ס לעבען אין דיזער צייט איז געווען שטאַרק פערבונדען מיט דער אויבענדערמאַנטער צייטונג און בעשרייבען זיין דעמאָלטדיגען לעבען, הייסט דאָס בעשרייבען די געשיכטע פון דער „נייער רהיינישער צייטונג" אין יענער צייט. איהר געשיכטע איז אָבער די געשיכטע פון דעם 1848 יאָהר מיט אַלע זיינע פּרטים. דערמיט קענען מיר זיך דאָ אָבער, פערשטעהט זיך, ניט בעשעפטיגען.

אין קיין פעריאָד פון זייער לעבען האָבען ע נ ג ע ל ס און מ אַ ר ק ס ניט אַרויסגעוויזען אַזוי קלאָר זייערע אויבענדערמאַנטע איי־גענשאַפטען ווי דעמאָלט: די טיעף־ערנסטע פעראייניגונג פון פּראַקטי־שער און טעאָרעטישער טהעטיגקייט, די צוזאַמענשמעלצונג פון אַ געלעהרטען מיט אַ פּאָליטיקער, פון אַ קעמפּפער מיט אַ קריטיקער. קיינער האָט ניט גענומען אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף פון יענער צייט אַזאַ הייסען אַנטהייל ווי זיי. קיינער איז אין דיזען קאַמפּף ניט געווען אַזוי פריי פון אילוזיען (פאַלשע פאָרשטעלונגען) ווי זיי.

און קיינמאָל איז אפשר ניט געווען אַ בעוועגונג אַזוי פול מיט אילוזיען ווי די בעוועגונג פון דעם 1848 יאָהר, דערהויפּט אין דייטשלאַנד און אין די דייטשע פּראָווינצען פון ע ס ט ר ייַ ך, וועלכע זענען נאָך ניט געווען גוט ענטוויקעלט סיי עקאָנאָמיש סיי פּאָליטיש: דער רעוואָלוצי־אָנערער טהייל פון דער בורזשואַזיע, די קליין־בורזשואַזיע און די אַרבייטער האָבען געגלויבט, אַז מען וועט פטור ווערען פון די רעאַקציאָ־נערע רעגירונגען, וועט ווערען אַ גן־עדן אויף דער ערד. זיי איז גאָר אין זינען ניט אַריין, אַז די מפּלה פון די דעספּאָטישע רעגירונגען איז ערשט דער אָנהויב און ניט דער סוף פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף, אַז די בירגערליכע פרייהייט, וואָס זיי האָבען געקראָגען האָט נאָר בעשאַפען דעם גרונד, אויף וועלכען עס וועט נאָך ערשט פאָרקומען דער גרויסער קלאַסען־קאַמפּף צווישען די בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט,

אַז די בירגערליכע פרייהייט האָט מיט זיך געבראַכט ניט דעם סאָציאַלען פריעדען, נאָר אַ נייעם סאָציאַלען קאַמפף.

פיעל מיינען, אַז פון דער רעוואָלוציע פון 1848 יאָהר האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען. באמת האָט זיך טאַקי גאָר ניט אויסגעלאָזען פון די פוסטע הלומות, מיט וועלכע עס זענען געווען פערדעקט די געגענזאַצען צווישען די אָפּאָזיציאָנעלע קלאַסען גופא, מיט וועלכע מען האָט געוואָלט איינשמועסען דעם עולם, אַז אַרבייטער און פאַבריקאַנטען זענען ברידער מיט גלייכע אינטערעסען און מיט גלייכע ציעלען. זייער אחדות איז אָבער בעצם געווען מעהר ניט ווי אין דער אָפּאָזיציע געגען דעם הערשענדען אַבסאָלוטיזם. די רעוואָלוציע האָט אויפגעדעקט דעם געגענזאַץ צווישען דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט און אין דער זעלבער צייט בעוויזען די פּאָליטישע אונפעהיגקייט פון דער קליין־בורזשואַזיע.

די קליין־בורזשואַזיע איז געווען די נשמה פון דער רעוואָלוציע פון דעם 1848 יאָהר און מיט דיזער רעוואָלוציע האָט זי געקראָגען איהר מפלה. דער 1848 יאָהר האָט בעוויזען איהר פּאָליטישען באַנקראָט. אומעטום האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט פאַר איהר איינגעשטעלט און אומעטום האָט זי איהם לסוף פערראַטען.

דער אַרבייטער־קלאַס איז אָבער דעמאָלט געווען נאָך צו יונג. ניט ענטוויקעלט און ניט פעראייניגט, אום צו קענען פיהרען מיט איינענע כחות אַ בעזונדערע פּאָליטיק. וואו ער האָט געפּרובּ'ט האָט זיך דאָס איהם ניט איינגעגעבען.

די בורזשואַזיע אָבער האָט ערהייכט כמעט אַלע איהרע ציעלען. וואָס זי האָט זיך געשטעלט אין דער רעוואָלוציע. די רעאַקציע האָט איבערגענומען אויף זיך דורכצופיהרען דעם גרעסטען טהייל פון איהרע פערלאַנגען. דער פּראָלעטאַריאַט (אויפ'ן קאָנטינענט) האָט אין דער רעוואָלוציע־צייט דערקענט, ווער זענען זיינע פריינד און ווער זיינע פיינד, ער האָט דערוואוסט צוערשט זיין געגענזאַץ צו דער בורזשואַזיע און אַז אויף דער קליין־בורזשואַזיע קען ער זיך ניט פערלאָזען. דעמאָלט האָט ער זיך צוערשט אויסגעלעהרנט פיהלען אַלס אַ קלאַס, ער האָט בעקומען קלאַסען־בעוואוסטזיין און זעלבסט־בעוואוסטזיין. פון דער פעברואַר רעוואָלוציע הויבט זיך אָן זיין ענטוויקלונג צו אַ בעוואוסט־קעמפּפענדען־קלאַס, דערהויפּט אין דייטשלאַנד.

דער איינציגער קלאַס, וועלכער האָט אָנגעוואָרען אין דער רע= וואָלוציע, ווי עקאָנאָמיש אַזוי אויך פּאָליטיש און מאָראַליש, איז דאָס געוועזען די קליינ-בורזשואַזיע. זי האָט באמת טאַקי געקראָגען אַ מפּלה אין דער ניט אַייגעגעבענער רעוואָלוציע.

היינט, אַ גאַנצען דור נאָך דער רעוואָלוציע, איז דאָס אַלץ קלאָר. אָבער אין דעם 1848 יאָהר איז די „נייע רהיינישע צייטונג" גע= העןן די איינציגע צייטונג און די אַרויסגעבער פון „דער רהיינישער צייטונג" זענען געוועזען די איינציגע מענשען, וועלכע האָבען דאָס קלאָר פערשטאַנ= ען. וועלכע האָבען זיך געשטעלט די אויפגאַבע ניט אונטערצוהאַלטען די אילוזיען פון די מאַסען מיט פוסטע פראַזען, נאָר אויסראַמען זיי אָהן רחמנות מיט זייער שאַרפער קריטיק, וועלכע האָבען אויסגעלאַכט די קליינבירגערליכע פלאַפּלער אין דעם פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט*) מיט דעם זעלבען ביטערען שפּאָט ווי די רעאַקציע מיט איהרע דיענער, ווי אַמין ליכנאָווסקי, למשל. מיט זייער קריטיק האָבען זיי די קעמפּ= פער ניט געמאַכט אָבהענגיג און ניט געלייגט זיי קיין שטיינער אויף'ן וועג. אַדרבא, קיין בלאַט האָט ניט געטריבען ענערגישער צום קאַמפּף, ווי די „נייע רהיינישע צייטונג", צו אַ הייסען און שנעלען קאַמפּף, כל זמן דער שונא איז געלעגען נאָך אויף דער ערד, קיין בלאַט האָט אַזוי ענערגיש ניט געראַטען צו פאַנאַנדערוואַרפען אָהן רחמנות די איבער= געבליבענע סלופּעס פון דער אַלטער חורבה, ווי די „רהיינישע צייטונג".

אָבער די אומשטענדען זענען ביי יענער צייט געוועזען שטאַרקער איידער די „נייע רהיינישע צייטונג". די רעאַקציע האָט געזיגט. איין טהייל פון דער רהיין-פּראָווינץ, דער הויפּט-אָרט פון דעם בערג-אינ= דוסטריע-ראַיאָן ווי עלבערפעלד, דיסעלדאָרף, זאָלינגען א. ז. וו. האָט זיך אויפגעהויבען אין מאַי 1849 יאָהר געגען דער רעאַקציע, וועלכע האָט פערהאַפט די מאַכט אין איהרע הענד. ווי נאָר ענגעלס האָט בעקומען די ידיעה, איז ער גלייך אַרויסגעפאָהרען פון קעלן קיין עלבערפעלד, אָבער איהם איז נאָר אויסגעקומען צו זעהען די באַלדיגע נידערלאַגע (מפּלה) פון דער רעוואָלוציע. די בורזשואַזיע האָט אומעטום די אַרבייטער איבערגעלאָזען אַליין אים קאַמפּף און האָט זיי פערראַטען.

---

*) זעה אַנמערקונג אויף דער זייט 21.

דורכדעם איז אויך געקומען אַ סוף צו דעם לעבען פון דער „נייער רהיינישער צייטונג”. דעם 19 מאַי 1849 יאָהר האָט מען איהר פער־באָטען און מאַרקס'ן האָט מען אַרויסגעשיקט. ענגעלס, וועלכען די פאָליציי האָט געזוכט פאַר זיין אַנטהייל־נעהמען אין דער רהיינלענדי־שער רעוואָלוציע, האָט אויך געמוזט אַנטלויפען פון קעלן, וואו ער האָט געוואָהנט בעהאַלטענער הייט, קומענדיג צוריק פון עלבערפעלד. מאַרקס איז געפאָהרען מיט אַ מאַנדאַט פון דעם דעמאָקראַטישען צענטראַלען קאָמיטעט קיין פּאַריז, וואו מען האָט געוואָלט אָנגעהמען אַ נייע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אויך פאַר דער דייטשער רעוואָלוציע געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג. ענגעלס איז געפאָהרען קיין פּפאַלץ, וועלכע איז צוזאַמען מיט באַדען אויפגעשטאַנען צו בעשיצען די קאָנסטיטוציע פון דער דייטשער אימפּעריע*), ער איז דאָרט אַריינגעטראָ־טען אין דעם פריינוויליגען קאָרפּוס, אַלס אַנ'אַדיוטאַנט ביי דעם קאָמאַנדיר װילליך; אין דריי געשלעגען האָט ער גענומען אַ'ן אַנטהייל ווי אויך אין דעם הויפּט־געשלעג נעבען מורג**). דרייצעהען טויזענד סאָלדאַטען פון דער רעוואָלוציע, דאָס רוב שלעכט געפיהרטע און שלעכט דיסציפּלינירטע, זענען געשטאַנען אויפ'ן שלאַכטפעלד געגען 60 טויזענד פּרייסען און רייכספּולקען. פון דעסטוועגען וואָלט די גרויסע אַרמעע ניט מנצח געוועזען די רעוואָלוציאָנערען, אויב זי וואָלט ניט עובר

---

*) ביז דעם פּרייסיש-פראַנצויזישען קריעג איז דייטשלאַנד געוועזען צוטיילט אויף אַ סך קליינע מלוכות. דאָס דייטשע פאָלק האָט דערפון זעהר געליטען ווי עקאָנאָמיש אַזוי אויך פּאָליטיש. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ פער־איינינונגס־בעוועגונג אין גאַנץ דייטשלאַנד. אין דעם 1848 יאָהר האָבען זיך צונויפגעקליבען אין פראַנקפורט-אַם-מאַין אויסגעקליבענע פאָר־שטעהער פון דעם גאַנצען דייטשען פאָלק און האָבען געבילדעט אַ נאַציאָ־נאַל-פערזאַמלונג, וועלכע האָט אויסגעאַרבייט אַ דעמאָקראַטישע קאָנ־סטיטוציע פאַר גאַנץ דייטשלאַנד, לויט וועלכער אַלע דייטשע מלוכות זאָלען זיך פעראייניגען אין איין מלוכה (אימפּעריע). די רעגירונגען פון די גרעסערע דייטשע מלוכות האָבען ניט מסכים געוועזען דערצו. אין באַדען און אין אַנדערע ערטער האָט די אויפגערעגטע בעפעלקערונג אָפען אַרויסגעטרעטען געגען די רעגירונגען און האָט געפאָדערט, אַז די קאָנסטיטוציע פון דער דייטשער אימפּעריע זאָל פון אַלע רעגירונגען אָנגענומען ווערען.

דער איבערזעצער.

**) אַ נאָמען פון אַ טייך. דער איבערזעצער.

געוועזען די נייטראליטעט פון ווירטעמבערג, וואס האט איהר געגעבען די מעגליכקייט ארומצוגעהען די רעוואלוציאנערען פון הינטען. דערמיט האט זיך געענדיגט די באדיש־פפאלצישע רעוואלוציע און אזא סוף האט מען געקענט בלי ספק פאראויסזעהען. דער קערן פון דער רעוואלוציע איז געוועזען די דרום־דייטשע דעמאקראטיע, א פארטיי, וועלכע איז כמעט דורכאויס בעשטאנען פון קליין־בירגער. און די גאנצע לעכערליכקייט און שוואכקייט פון דער קליין־בורזשואזיע האט זיך קלאר ארויסגעוויזען אין דיזער רעוואלוציע, און אז ניט דער אנטהייל אין איהר פון איינינע פראלעטארישע עלעמענטען און די קלאדיגע קריעג־פיהרונג פון די פרייסען, וואלט איהר שלעכטער סוף נאך א גיכערער געוועזען.

„אין פאליטישען הינזיכט", זאגט ענגעלס איבער דער באדיש־פפאלצישער רעוואלוציע, „איז דער גאנצער שטרייט פאר דער קאנסטיטוציע פון דער דייטשער אימפעריע פון אנהויב אן געוועזען פארשפיעלט; אין מיליטערישען הינזיכט — אויך דאס זעלבע. איהר איינציגער אויסזיכט אויף א גוטען אויסגאנג איז געלעגען ניט אין דייטשלאנד גופא, נאר אין דעם נצחון פון די רעפובליקאנער אין פאריז דעם 13 יוני — אבער דער 13 יוני האט זיך ניט איינגעגעבען. נאך דעם 13 יוני האט דער גאנצער קאמפף געקענט זיין א מעהר אדער וועניגער בלוטיגער שפיעל. און אזוי איז טאקי געוועזען. פעררעטעריי און נארישקייט האבען פון דעם גאנצען קאמפף געמאכט א תל. אלע מיליטערישע אנפיהרער, מיט א גאנץ קליינעם אויסנאהם, זענען געוועזען אדער פעררעטער אדער טויגעניכסטען אהן א שום קענטניש אין זייער פאך, און די עטליכע בעסערע פון זיי זענען אומעטום געבליבען אליין אהן א שום שטיצע פון די איבעריגע קאמעראדען און פון דער ברענטאנישער*) רעגירונג, וועלכע האט זיי אין גאנצען פערלאזען. און וואס פאר אפיצירען — אזוינע סאלדאטען. דאס באדישע פאלק האט אין זיך די בעסטע קריעגערישע עלעמענטען. אין דעם אויפשטאנד זענען דיזע עלעמענטען פון אנהויב אן אזוי פערנאכלעסיגט און פערדארבען געווארען, אז דערפון איז ארויס דער גאנצער אומגליק, וועלכען מיר האבען פריהער געשילדערט. פון דער גאנצער „רעוואלוציע" האט זיך אויסגעלאזען אין אמת'ע קא־

*) ברענטאנא, אין אדוואקאט, איז געוועזען דער פאליטישער אנפיהרער פון דעם באדישען אויפשטאנד, וועלכען ער האט פערראטען.

מעדיע; נאָר דער איינציגער טרייסט איז געווען, וואָס דער זעקס־מאָל שטאַרקערער געגנער האָט געהאַט נאָך זעקס־מאָל וועניגער מוטה.

אָבער דיזע קאָמעדיע האָט געהאַט זעהר אַ טראַגישען סוף, דורך דער בלוט־דאָרשטיגקייט פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. די זעלביגע קעמפפער, וועלכע האָבען ניט איין מאָל געציטערט פאַר שרעק מאַרשירענדיג צום קריעג, ווי אויך אויף דעם שלאַכטפעלד, זענען געשטאָרבען אין די גראָבענס פון ראַשטאַט*) ווי די העלדען. קיינער האָט ניט געבעטען קיין רחמים, קיינער האָט פאַר'ן טויט ניט געציטערט. דאָס דייטשע פאָלק וועט קיינמאָל ניט פערגעסען די ערשיסונגען אין די קאַזעמאַטען פון ראַשטאַט. ער וועט ניט פערגעסען די „גרויסע לייט“, וועלכע האָבען בעפעהלען צו טהון די נידערטרעכטיגע אַכזריות אָבער ער וועט אויך ניט פערגעסען די פעררעטער, וועלכע האָבען זיי אַרויסגעגעבען דורך זייערע שענדליכע פחדנות: די ברעטאַנאָ'ס פון „קאַרלסרוהע און פון פראַנקפורט“. („דער קריעג פאַר דער קאָנסטיטוציע פון דער דייטשער אימפעריע“ פון פר. ענגעלס אין דער „נייער רהיינישער ציַיטונג“, אַ פאָליטיש־עקאָנאָמישע צייטשריפט, רעדאַקטירט פון קאַרל מאַרקס 1850, III־טע אויפלאַגע, ז. 80).

ענגעלס איז געווען איינער פון די לעצטע פון דער צושלאָגענער אַרמעע, וועלכע זענען אַנטלאָפען אין דער שווייץ, אַז אַלץ איז שוין געווען פערשפּיעלט. דאָס איז געווען דעם 11־טען יולי 1849. ער איז געבליבען אַ פּאָר חדשים אין דער שווייץ. אין דיזער צייט איז מאַרקס אַריבערגעפאָהרען אין לאָנדאָן. מיר ווייסען, אַז מאַרקס איז געפאָהרען לויט דעם בעשלוס פון דעם רעוואָלוציאָנערען דעמאָקראַטישען צענטראַל־קאָמיטעט אין פּאַריז, וואו די דעמאָקראַטען האָבען זיך געגרייט צו איין אויפשטאַנד, פון וועלכען עס איז געווען אָבהענגיג ניט נאָר דער שיקזאַל פון דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטיע, נאָר אויך פון דער דייטשער. דאָס איז געווען דער אויפשטאַנד פון דעם 13־טען יוני 1849. פון דעם האָט זיך אויך גאָר ניט אויסגעלאָזען, ווי מיר זעהען דאָס פון ענגעלס'ס אויבענגעבראַכטער ציטאַטע. דורך דעם איז אויך די לאַגע פון מאַרקס אין פּאַריז געוואָרען ניט אַ זיכערע. איהם איז געבליבען אויסצוקלייבען איינס פון די ביידע: אָדער פערקלייבען זיך אין

*) אַ נאָמען פון אַ שטאָט אין באַדען.

ברעטאַן*), אָדער צו פערלאָזען פראַנקרײך אין גאַנצען. ער איז אַװעק אין לאָנדאָן.

אַזוי װי אין דער שװײץ האָט ענגעלס ניט געהאַט קײן אויסזיכט צו געפינען פאַר זיך אַזאַ טהעטיגקײט, װאָס זאָל איהם צופריעדען שטעלען, איז ער אויך אַריבערגעפאָהרען אין לאָנדאָן. נאָר אַזוי װי דער װעג דורך פראַנקרײך איז געװעזען אַ געפעהרליכער, — װײל די פראַנצויזישע רעגירונג פלעגט אָפטמאָל נעהמען און אַװעקשיקען איבער האַװר קײן אַמעריקאַ די דײטשע עמיגראַנטען, װעלכע פלעגען פאָהרען אין לאָנדאָן דורך פראַנקרײך, — האָט ער דעריבער אויסגעקליבען דעם װעג איבער גענואַ, און פון דאָרטען אויף אַ זעגעלשיף איבער גיבראַלטאַר, איז ער אַװעקגעפאָהרען קײן לאָנדאָן.

די מעהר־צאָהל פון די אָנפיהרער פון דעם קאָמוניסטען־בונד און אויך די מעהר־צאָהל פון די דײטשע „גרויסע לײט" פון דעם 1848 יאָהר האָבען זיך דאָרטען אין הערבסט צײט צוזאַמענגעטראָפען. מען האָט געטראַכט װעגען אַ נײַע אָרגאַניזאַציע, כדי אָנצוהויבען פון דאָס נײַ די פראָפּאַגאַנדיסטישע טהעטיגקײט. די רעװאָלוציאָנערע אויפרעגונג האָט זיך נאָך ניט אַײנגעשטילט און עס האָט אויסגעװיזען, אַז עס איז נויטיג זיך צוצוגרײטען צו אַ נײַעם אויפשטאַנד. מאַרקס און ענגעלס האָבען אָבער די הכנות צו אַ נײַעם אויפשטאַנד פערשטאַנען גאַנץ אַנדערש, װי די מעהרהײט פון די דעמאָקראַטישע עמיגראַנטען. בשעת די דעמאָקראַטען האָבען געהאַלטען די אויפגאַבע, װעלכע עס האָט זיך נאָר װאָס אַזוי ניט אײַנגעגעבען, סך הכל פאַר אַ קינדער שפּיל, און װאָס לענגער זײ זענען געבליבען אָבגעריסען פון דעם װירקליכען לעבען אין זײער הײמאַט לאַנד, אַלץ מעהר האָבען זײ זיך אָבגעגעבען מיט פאַנטאַסטישע פּלענער און פוסטע חלומות און מיט מאַניפעסטאַציעס פון הויכע פראַזען — אין דער זעלביגער צײט האָבען מאַרקס און ענגעלס פעסט און רוהיג געאַרבײט אויף דעם, װי אַזוי צו פערשטאַרקען די אָרגאַניזאַציע פון דעם קאָמוניסטען בונד, װי אַזוי צו פראָפּאַגאַנדירען דאָרטען זײערע אידעען; און צו דער זעלבער צײט האָבען זײ אויך כסדר געאַרבײט איבער זײער אײגענער גײסטיגער ענטװיקלונג.

*) אַ נאָמען פון אַ האַלב אינזעל אין פראַנקרײך.

די רעזולטאטען פון זייער דעמאלטדיגער קריטישער און וויסענשאפטליכער ארבייט האבען זיי פערעפענטליכט אין איין מאנאטליכען זשורנאל, וועלכען זיי האבען ארויסגעגעבען אין דעם יאהר 1850. זיי האבען איהם א נאמען געגעבען „נייע רהיינישע צייטונג" דעם נאמען פון דעם פערבאטענעם קעלנישען בלאט. די צייטונג האט זיך געדרוקט אין האמבורג. מארקס האט דארטען אפגעדרוקט א קריטישען ארטיקעל איבער דער געשיכטע פון די פראנצויזישע בעוועגונגען פון די יאהרען 1848 1849 *). דיזער ארטיקעל איז געוועזען די גרונדלאגע פון זיין שפעטערדיגען ווערק: „דער 18־טער ברומער". ענגעלס האט אין א רייהע ארטיקלען בעשריבען די בעוועגונג פאר א'ן אלגעמיינע רייכס־קאנסטיטוציע אין דייטשלאנד. איין ארט פון דיזע ארטיקלען האבען מיר שוין אויבען געבראכט. פון זיינע אנדערע ארטיקלען דארף מען דערמאנען: „דער ענגלישער געזעץ וועגען דעם צעהן־שטונדיגען ארבייטס־טאג", א'ן ארטיקעל, וועלכער האט היינט נאר א היסטארישען אינטערעס, ווייל איינינגע פון זיינע השערות (פאראויסזעצונגען), עקסיסטירען שוין ניט ביי היינטיגען טאג. ווען מיר לעזען דיזען ארטיקעל, פערשטעהען מיר ערשט גוט די אינדוסטריעלע רעוואלוציע, וועלכע מיר האבען פון דעמאלט אן דורך געמאכט. אבער איינע פון זיינע בעסטע ווערק איז געוועזען א רייהע ארטיקלען וועגען דעם דייטשען בויערען־קריעג, וועלכע זענען ארויס אין בעזונדערע בראשורען אין די זיבעציגסטע יאהרען, בעת די סאציאליסטישע בעוועגונג האט ווידער אפגעלעבט. דיזער חבור איז די ערשטע היסטארישע ארבייט איבער די געזעלשאפטליכע פערהעלטניסען פון דער פארקאפיטאליסטישער צייט פון דעם היסטאריש־מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט.

די ענטוויקלונג פון די ווירקליכע פערהעלטניסען אין יענער צייט האט בעוויזען די אלע מענשען, וועלכע, אנשטאט צו לעבען אין דער וועלט פון הלומות, האבען אלץ בעטראכט אויפמערקזאם, אז די רעוואלוציע האט זיך דערווייל געענדיגט און עס איז ניטא וואס

*) דיזע ארטיקלען זיינען אבגעדרוקט געווארען פון דאס ניי אין יאהר 1895 (בערלין, בוכהאנדלונג פון „פארווערטס"), אונטער דעם טיטעל: „די קלאסענקעמפפע אין פראנקרייך 1848 — 50, מיט א'ן אויסגעצייכענטער הקדמה פון ענגעלס.

צו טראַכטען וועגען אַ באַלדיגען אויפשטאַנד. ווי אונאַנגענעהם דאָס איז ניט געווען, האָבען דאָך מאַרקס און ענגעלס דאָס ניט פאַרבאָרגען, נאָר פערקעהרט, זיי האָבען מוטה געהאַט דערפון אָפען צו רעדען, ווייל זיי האָבען אַלע מאָל געהאַלטען פאַר זייער אויפגאַבע, ניט צו אונטערשטיצען הלומות, נאָר זיי צושטערען.

אין זייער איבערזיכט איבער די פאַסירונגען פון מאַי ביז אָקטאָבער, וועלכער איז געשריבען דעם 1־טען נאָוועמבער 1850, קאָנ־סטאַטירען זיי, אַז אין האַנדעל און אינדוסטריע איז איצט אַ בליה־צייט. „ביי אַזאַ אַלגעמיינע בליה־צייט, שרייבען זיי, ווען די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט האָבען זיך אַזוי גרויסאַרטיג ענטוויקעלט אויף ווי פיעל דאָס איז בכלל מעגליך ביי בירגערליכע פער־העלטניסע — אין אַזאַ צייט קען וועגען אַווירקליכע רעוואָלוציע קיין רייד ניט זיין. אַזאַ רעוואָלוציע איז מעגליך נאָר אין אַ זעלכע צייטען, ווען ביידע פאַקטאָרען, די היינטיגע פּראָדוקציאָנס־קרעפטען און די בירגערליכע פּראָדוקציאָנס פאָרמען שטעלען זיך אין ווידערשפּרוך איינע צו די אַנדערע. די פערשידענע מהלוקות, וואָס קומען פאָר צווישען די פאָרשטעהער פון פערשידענע פראַקציעס פון אָרדנונגס־פּאַרטייען אויף דעם קאָנטינענט און די זלזולים, וואָס זיי גיסען אויס איינע אויף די אַנדערע, זענען זעהר ווייט פון אַרויסצורופען נייע רעוואָלוציעס. זיי זענען, פערקעהרט, מעגליך נאָר צוליעב דעם, וואָס דער יסוד פון די איצטיגע פערהעלטניסען שטעהט פעסט און איז — וואָס די רעאַקציע ווייס ניט — אַזאַ בורזשואַזנער. אויף דיזען פונדאַמענט קענען ניט האָבען קיין ממשות אַלע רעאַקציאָנערע פּלענער, וועלכע ווילען אויפ־האַלטען די ענטוויקלונג פון דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט, ווי אויך די בעגייסטערטע פּראָקלאַמאַציעס און דער „מאָראַלישער גרימצאָרן" פון די דעמאָקראַטען (העפט 5 און 6; ז. 153).

היינט ווייסען מיר, אַז מאַרקס און ענגעלס זענען גערעכט געווען. אָבער אָנצונעהמען דעם ביטערען אמת איז ניט יעדער מענש מסוגל.

די אַלע, וואָס האָבען געגלויבט, אַז צו מאַכען אַ רעוואָלוציע דאַרף מען מעהר ניט ווי אַ גוטען רצון, די אַלע, וואָס האָבען געגלויבט, אַז אַ רעוואָלוציע קען מען מאַכען ווען מען וויל, ווען מען האָט דערצו נאָר השק — קורץ, דער גרעסטער טהייל פון די עמיגראַנטען אין

ענגלאַנד, וועלכע זענען דעמאָלט געווען די פאָרשטעהער פון דער ראַדיקאַלער בירגערליכער אָפּאָזיציע געגען דער אויראָפּעאישער רעאַקציע, זיי אַלע זענען אַרויסגעטרעטען געגען מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס. די „נייע רהיינישע צייטונג" האָט פערלאָרען איהרע לעזער און האָט געמוזט אויפהערען אַרויסצוגעהען; דער קאָמוניסטען בונד האָט זיך צושפּאָלטען. זיינע טהעטיגסטע מיטגלידער אין דייטשלאַנד זענען אַריינגעפאַלען דורך שטיבערס*) קונצשטיק אויף יאָהרען לאַנג אין געפענגניס: מיט דעם אויסזיכט אויף אַ באַלדיגע מרידה האָט זיך אויף אַ געוויסע צייט אָבגעשטעלט די סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע.

די פּאָליטישע טהעטיגקייט האָט זיך אויף אַ לאַנגע צייט אָבגעשטעלט. פון 1850 יאָהר איז פאַר זיי ביידען די ליטעראַרישע טהעטיגקייט אין דייטשלאַנד געוואָרען אונמעגליך: דער הרם פון די דעמאָקראַטען האָט זיי געדריקט ניט ווייניגער ווי דער הרם פון דער רעגירונג. קיין אַרויסגעבער האָט זייערע שריפטען ניט אָנגענומען, קיין צייטונג האָט זיי ניט געוואָלט האָבען פאַר מיטאַרבייטער. מ אַ ר ק ס האָט זיך פערשפּאַרט אין בריטיש מוזעאום (אַ גרויסע ביבליאָטעק אין לאָנדאָן), האָט ווידער אָנגעהויבען צו שטודירען עקאָנאָמיע און געשיכטע און האָט געלייגט דעם יסוד (פונדאַמענט) צו זיין גרויסען חבור „דאָס קאַפּיטאַל" — דערביי האָט ער געשריבען אין „ניו־יאָרקער טריבונע", פון וועלכער ער איז פאַקטיש געווען כמעט צוואַנציג יאָהר דער אויראָפּעאישער רעדאַקטאָר. ענגעלס איז אין 1850 יאָהר געפאָהרען אין מאַנטשעסטער, וואו ער האָט ווידער בעקומען אַ שטעלע אין דער באַוועלפאַבריק, אין וועלכער זיין פאָטער איז געווען אַ שותף און אין 1864 יאָהר איז ער זעלבסט געוואָרען איהרער אַ קאָמפּאַניאָן, אין 1869 יאָהר איז ער אין גאַנצען אַרויסגעטראָטען פון דעם געשעפט. דורך די עטיקעטען פון דער פירמע „ערמען און ענגעלס" אויף די שפּולקעס פון די נעה־פאָדים איז זיין נאָמען זיכער בעקאַנט געוואָרען פילע אַרבייטער־פרויען, וועלכע האָבען געוויס ניט געוואוסט פון זיין טהעטיגקייט פאַר דעם אַרבייטער קלאַס.

צוואַנציג יאָהר נאָכאַנאַנד, מיט קליינע אויסנאַהמען, זענען

*) שטיבער, אַ פּאָליציי בעאַמטער אין דייטשלאַנד, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע פערפאָלגונגען געגען די רעוואָלוציאָנערען.

די בײדע פרײַנד געװען צושײדט, אָבער גײַסטיג פלעגען זײ שטענדיג פערקעהרען צװישען זיך. כמעט אַלע טאָג האָבען זײ געשריבען אײנער דעם אַנדערען; אַרױסגעזאָגט אײנער דעם אַנדערען זײערע השקפות איבער פּאָליטיק, עקאָנאָמישען לעבען און װיסענשאַפט. דיזע אַלע בריעף זענען געבליבען גאַנץ, אַז זײ װעלען אָבגעדרוקט װערען, װעלען זײ זײן אײנע פון די װיכטיגסטע קװעלען, צו פערשטעהען די צײַט פון 1850 ביז 1870:

אין מאַנטשעסטער האָט זיך ענגעלס בעשעפטיגט װײַטער מיט זײַנע װיסענשאַפטליכע פאָרשונגען, הגם ער איז געװען פערנומען אין געשעפט. פריהער פון אַלץ האָט ער געשטודירט קריעגס־געשיכטע און מיליטער־װיסענשאַפטען — די מלחמה פון 1849 האָט איהם קלאָר בעװיזען, אַז מען קען אָהן דעם ניט אױסקומען. זײַן דיענסט־צײַט אין דער אַרטילעריע (אַלס אַן אײניאָהריגער פרײַװיליגער) איז געװען זײַן פּראַקטישער פונדאַמענט דערצו. אױך האָט ער שטודירט נאַטור־װיסענשאַפט און פערגלײַכענדע שפּראַכען־לעהרע, אַ װיסענשאַפט, װעלכע ער האָט פון לאַנג געליעבט. אין דער צײַט פון דער איטאַליענישער מלחמה אין 1859 יאָהר האָט ער אַרױסגעלאָזען אַנאָנים אַ מיליטערישע בראָשורע אונטער דעם טיטעל: „פּאָ*) און רהײן“, אין װעלכער ער טרעט אַרױס װי געגען דער עסטרײַכישער טעאָריע, אַז דעם רהײן מוז מען פערטהײדיגען דורך דעם טײַך פּאָ, אַזױ אױך געגען די פּרײַסישע ליבעראַלען, „די קלײנדײַטשען“**), װעלכע האָבען זיך געפרײט אױף

*) אַ נאָמען פון אַ טײך אין איטאַליען אױף דעם גרענעץ פון די איטאַליענישע פּראָװינצען (װענעציען און לאָמבאַרדיען), װאָס האָבען געהערט צו עסטרײך. עסטרײך'ס װאונש איז געװען, אַז אין דעם דײטשען בונד זאָלען אַרײן אַלע עסטרײכישע פּראָװינצען, אַפּילו די, אין װעלכע עס װאָהנען ניט קײן דײטשען. דאָס רוב פון דער דײטשער בעפעלקערונג איז געװען געגען דעם, נאָר כדי פערבלענדען דער דײטשער־בעפעלקערונג די אױגען האָט זי אױסגעטראַכט, אַז דײטשלאַנד נױטיגט זיך אין דיזע פּראָװינצען, און אַז דער פּאָ (אין איטאַליען) איז אַ פעסטונג פאַר דעם רהײן (דײטשלאַנד).

**) „קלײנדײטשען“, אַ איראָנישער נאָמען, װעלכען די געגנער האָבען געגעבען דער דײטשער פּאָליטישער פּאַרטײ, װאָס האָט געשטרעבט צו פער־אײניגען די קלײנע דײטשע מלוכות אין אײן מלוכה אַחוץ פּרײסען און

עסטרייך'ס מפלה און האָבען ניט פערשטאַנען, אַז באָנאַפּאַרטע*) איז זייער ביידען'ס שונא. אַ צווייטע בראָשורע פון ענגליכען אינהאַלט „סאַוואָיען, ניצצאַ און דער רהיין" איז אַרויס נאָך דעם קריעג. אין דער צייט פון דעם פּרייסישען מיליטער־קאָנפליקט **) (1065) האָט ער אַרויסגעגעבען אַ נייע בראָשורע: „די פּרייסישע מיליטער־פראַגע און די דייטשע אַרבייטער פּאַרטיי", אין וועלכער ער האָט אויסגעלאַכט די ספקות און די סתירות (ווידערשפּריכע) פון די ליבעראַלען און די פּראָגרעסיסטען און האָט בעוויזען, אַז פערענטפערען ריכטיג די מיליטער־פראַגע, אַזוי ווי אַלע איבעריגע שווערע פראַגען, קען נאָר די אַרבייטער־פּאַרטיי, אין דער צייט פון דעם דייטש־פראַנצויזישען קריעג האָט ער געשריבען אַ־רייהע מיליטעריש־קריטישע אַרטיקלען אין דער לאָנדאָנער „פּאַל־מאַל־גאַזעט", וואו ער האָט פאָראויס געזאָגט, אַז דער פראַנצויזישער היל וועט בעקומען זיין מפלה נעבען סעדאַן. ער האָט געשריבען זיין אַרטיקעל, אַם 25־טען אויגוסט און דער קאַמפּף נעבען סעדאַן איז פאָרגעקומען דעם 2־טען סעפּטעמבער.

הגם אין יענער צייט איז שוין די וויסענשאַפטליכע אַרבייט צווישען מאַרקס און ענגעלס פאַנאַנדערגעטיילט געווען, נאָר נאָכדעם ווי ענגעלס האָט זיך בעזעצט אין לאָנדאָן (1870) האָט זיך דיזע פאַנאַנדערטיילונג פון דער וויסענשאַפטליכער אַרבייט נאָך מעהר ענטוויקעלט, און האָט זעהר גוט געווירקט אויף זייערע ווייטערע אַרבייטען. אין דער צייט, ווען מאַרקס האָט געאַרבייט אויף צו ענטוויקלען אין אַ בעשטימטע שיטה די טעאָריע, וועלכע זיי האָבען ביידע ענטדעקט, און פאָרצולייגען איהר דער וויסענשאַפט-

עסטרייך. דערנאָך איז זי דערויף מסכים געווען, אַז פּרייסען זאָל אַריין אין דעם דייטשען בונד אָבער אויף קיין פאַל ניט עסטרייך.

*) דאָס איז דער נאָמען פון דעם פראַנצויזישען קייסער לואי נאַפּאָלעאָן דער III-טער.

**) דאָס איז געווען די מחלוקות, וועלכע איז פאָרגעקומען צווישען דער פּרייסישער רעגירונג מיט דעם פּרייסישען פּאַרלאַמענט איבער דער רעאָרגאַניזירונג פון דעם פּרייסישען חיל. די רעאָרגאַניזירונג האָט געדאַרפט קאָסטען אַ כך געלד. די אויסגעקליבענע פאָרשטעהער פון דעם פאָלק זענען געווען געגען דער רעפאָרמע. דאַן האָט די רעגירונג אונגעזעצליך, אָהן דער צושטימונג פון די פאָרשטעהער, דורכגעפיהרט איהרע פּלענער און האָט דערויף גענומען געלד ווי פיעל זי האָט בעדאַרפט.

ליבער וועלט, האָט ענגעלס גענומען אויף זיך די אויפגאַבע, ערשטענס, צו פערטהיידיגען די טעאָריע פּאָלעמיש געגען אַזוינע געגנער, מיט וועלכע עס איז כּדאי געווען צו פּאָלעמיזירען, און צווייטענס, די וויכטיגע צייט־פראַגען צו בעטראַכטען פון דעם שטאַנדפונקט פון דיזער טעאָריע און צו בעשטימען די שטעלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט צו די דאָזיגע פראַגען. עס פערשטעהט זיך, אַז די פאַנאַנדערטיילונג פון זייער וויסענשאַפטליכער אַרבייט איז ניט געווען שטרענג דורכגעפיהרט; גאַנץ אָפט האָבען זיי געאַרבייט צוזאַמען און שטענדיג פלעגען זיי זיך טיילען מיט זייערע מיינונגען וועגען פערשיעדענע פראַגען.

ענגעלס'ס שריפטען דערצעהלען אונז אין פערשיעדענע ערטער, וואָס פאַר אַ שייכות ער האָט געהאַט צו מאַרקס'ס וויסענשאַפטליכע אַרבייטען. אין דער הקדמה צו דער צווייטער אויסגאַבע פון זיין בוך „הערר דיהרינג'ס אומוועלצונג פון דער וויסענשאַפט" שרייבט ער (ז. 10): „אַזוי ווי די שיטה, וואָס איז אין דיזען בוך ענטוויקעלט, איז צום גרעסטען טייל בעגרינדעט און ענטוויקעלט געוואָרען פון מאַרקס און איך האָב אין איהר נאָר אַ קליינעם חלק, דעריבער איז זעלבסט־פערשטענדליך, אַז דער אינהאַלט פון דיזען בוך איז מאַרקס'ען געווען בעקאַנט. איך האָב איהם דורכגעלעזען דעם גאַנצען מאַנוסקריפּט (כּתב יד) איידער ער האָט זיך געדרוקט און דעם צעהנטען קאַפּיטעל פון דעם טייל וועגען עקאָנאָמיע אונטער דעם נאָמען: „פון דער קריטישער געשיכטע", האָט מאַרקס אַליין געשריבען און איך האָב איבער זייטיגע אורזאַכען געמוזט איהם ליידער פערקירצען. מיר האָבען זיך פון לאַנג אָן נוהג געווען אין ספּעציעלע פראַגען צו העלפען איינע די אַנדערע*).

*) כאַראַקטעריסטיש פאַר ענגעלס און זיין פערהעלטניס צו מאַרקס איז דער פאָלגענדער אָרט אין זיינעם אַ פּריוואַט בריעף צו אַ'ן אַלטען און טרייען גענאָסע, וועלכער איז געשטאָרבען ערשט אין פאָריגען יאָהר. ער שרייבט דאָרטען אַזוי: „איך האָב מיין גאַנצען לעבען געשפּיעלט די צווייטע פידעל און איך גלויב, אַז איך בין דערינען געוואָרען אַ'ן עבּטער קינסטלער. איך האָב זיך זעהר געפרייט, וואָס איך האָב נעבען זיך געהאַט אַזאַ גוטען שפּיעלער אויף דער ערשטער פידעל ווי מאַרקס. איצט אָבער, נאָך מאַרקס'ס טויט, אַז איך דאַרף שפּיעלען די ערשטע פידעל, אַלס דער פער-

די איבענדערמאָנטע פאנאנדערטיילונג פון זייער ארבייט האָט געווירקט אויף דערויף, וואָס בעת מארקס האָט זיך אין גאנצען אָבגעגעבען זיין גרויסען ווערק „דאָס קאַפּיטאַל“, האָט ענגעלס די רעזולטאַטען פון זיינע פאָרשונגען פאנאַנדערגעשפּרייט אין אַ גרויסע צאָהל פון דאָס רוב קליינע שריפטען. עס האָט זיך אָבער דערפון אויסגעלאָזען, אַז בעת די וועלט קלאָגט זיך אויף דעם, וואָס דאָס „קאַפּיטאַל“ פון מאַרקס איז שווער צו פערשטעהען און דאָס רוב לעזט וועגען דעם „קאַפּיטאַל“ מעהר איידער איהם זעלבסט, האלט מען ענגעלס'ן פאַר אַ קינסטליכען פּאָפּולאַריזאַטאָר, זיינע שריפּ-טען ווערען געלעזען פון אַלע דענקענדע פּראָלעטאַריער און די גרעס-טע טייל מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט דעם סאָציאַליזם בעקענען זיך מיט דער מאַרקס-ענגעלס'שער טעאָריע פון זיינע שריפטען.

אַגב אורחא אַ קליינע בעמערקונג. דאָס רוב פון אונזערע פריינד, ווי באַלד זיי קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ וויסענשאַפט און ניט אַ געפיהל-זאַך, אויף וואָס עס איז גע-נוג צו האָבען אַ גוטע האַרץ, און צו פערשטעהען איהם דאַרף מען האָבען ניט נאָר אַ גוטען רצון, נאָר אויך געוויסע קענטניסע, וואַר-פען זיי זיך גלייך אַרויף מיט גרויס היץ אויף דעם „קאַפּיטאַל“, צו-ברעכען זיך די ציינער אָן דער „ווערט-טעאָריע“ און בלייבען שטעהען אויף איין אָרט. זיי וואָלטען גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען דערגריי-כען, ווען זיי וואָלטען פריהער גרינדליך דורכשטודירען ענגעלס'ס בראָשורען און ערשט נאָכדעם נעהמען זיך פאַר'ן „קאַפּיטאַל“.

דאָס רוב פון ענגעלס'ס שריפטען זענען אַרויסגערופען געוואָרען דורך בעשטימטע געלעגענהייטען. זיי זענען אָבער ניט גלייך צו אַ קקיון דיונה, וועלכער איז פערשוואונדען גלייך מיט דער סבה וואָס האָט איהם אַרויסגערופען צום לעבען. אייניגע פון דיזע שריפּ-טען האָבען נאָך איצט אויך ניט אָנגעוואָרען זייער ווערט דורך זייער שאַרפער כאַראַקטעריזירונג פון דער היסטאָרישער לאַגע, וועלכע האָט זיי אַרויסגערופען. אַזוי, למשל, שפּילט נאָך היינט אין אַ פּרט „דער פּרייסישער שנאַפּס אין דעם דייטשען רייכסטאַג“ נאָך אַ גרעסערע ראָלע,

---

טרעטער פון אונזער טעאָריע, מוז איך זיין פאָרזיכטיג, כדי איך זאָל ניט האָ-בען קיין בזיונות“.

איידער אין דער צייט, בעת ע נ ג ע ל ס האט איהם אָבגעדרוקט אין דעם „פאָלקסשטאַאט" (1876) און וועלכער איז אויך אַרויס אין אַ בעזונדערער בראָשורע*). אין די בראָשורע „די באַקונינסטען ביי דער אַרבייט", אין וועלכער עס איז אַרומגעשריבען דער אַנאַרכיסטישער טומעל אין ש פ אַ נ י ע ן אין 1873 יאָהר, האָט פאַר אונז, עסטרייכער, זעהר אַ גרויסע בעדייטונג.

די אַנדערע שריפטען פון ע נ ג ע ל ס, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען, טראָגען דאָס רוב אַ פאָלעמישען האַראַקטער, אָבער די פאָלעמיק דיענט ביי איהם נאָר צו בעלייכטען די אייגענע טעאָריע פון פערשיעדענע זייטען.

דעריבער זענען זיינע שריפטען ניט פערעלטערט געוואָרען. אַלס אַ בעווייז קען דיענען דער פאַקט, וואָס זיי ווערען כסדר אַרויסגעגעבען אין נייע אויסגאַבען. דאָס זעלבע איז מיט דער בראָשורע

---

*) ע נ ג ע ל ס האָט דעמאָלט אַזוי געשריבען: „וואוהין מיר זאָלען זיך ניט קעהרען און ווענדען, געפינען מיר אומעטום פרייסישען כפירט. דער פרייסישען ספירט דערלאַנגט ניט בערך ווייטער איידער די האַנד פון דער דייטשער רעגירונג. און וואו דער ספירט דערגרייכט נאָר, איז די ערשטע טובה וואָס ער ברייננגט — רמאָות. איבער דעם ספירט ווערען די דרום-אייראָפעישע ווייגען אַרויסגעשיקט קיין אויסלאַנד און די דייטשע אַרבייטער זעהען איהם אין די אויגען ניט. און אַזוי ווי דער שפיז פון א ח י ל ל ע ס היילט די וואונדען, וואָס ער אַליין האָט אָנגעמאַכט, אַזוי גיט דער פרייסישער שנאַפס דעם בראַבעוועטען אַרבייטער-קלאַס אָבשטאָט ווייז—פערפעלשטען בראַנפען. קאַרטאָפעל-ספירט איז פאַר פ ר י י ס ע ן די זעלבע זאַך, וואָס אייזען און באַוועל-סחורות פאַר ע נ ג ל אַ נ ד, אַ סחורה, וועלכע פ ר י י ס ע ן שטעלט אַרויס אויף דעם וועלט-מאַרק... די בראַנפען-ברייזען זיינען דער מאַטעריעלער יסוד פון איצטיגען פ ר י י ס ע ן... וואָס מעהר עס ווערט זיך פערגרעסערען די נאָכפראַגע אויף ספירט, אַלץ מעהר ווערט זיך פ ר י י ס ע ן ענטוויקלען צו אַ צענטראַל-פאַבריק פון שנאַפס פאַר דער גאַנצער וועלט. ביי די עקסיפטירינדע געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסע הייסט דאָס ניט אַנדערש, וואָס פון איין זייט ווערט זיך אויסבילדען אַ קלאַס פון מיטעלמעסיגע גרונדבעזיצער, וועמעס יונגע זיהן וועלען פערנעהמען אַלע שטעלען פון אָפיצירען אין דער אַרמעע און אין דער ביוראָקראַטיע... און פון דער אַנדער זייט ווערט זיך אויסבילדען לפי ערך אַ גיך-וואַקסענדער קלאַס פון האַלב-שקלאַווען, וועלכער ווערט צושטעלען די הויפט מאַסע פער אַרמעע... קורץ, ווער האָט פ ר י י ס ע ן געגעבען די מעגליכקייט אַראָבשלינגען גלאַט די וו ע ס ט - ע ל ב י ש ע שטיקלעך לאַנד אין 1815 יאָהר,

„די וואָהנונגס־פראַגע“, פּאָלעמיק געגען דעם קליין־בירגערליכען פּראָ־הוניסט מ י ל ב ע ר ג ע ר. זי איז צוערשט אָבגעדרוקט געוועזען אין דעם פּאָלקס־שטאַט“ אין 1872 יאָהר, דערנאָך אין אַ בעזונדער אָבדרוק. איצט האָט די ציריכער פ אָ ל ק ס־ב ו כ ה אַ נ ד ל ו נ ג זי פון דאָס ניי אַרויסגעגעבען מיט אַ הקדמה פון ע נ ג ע ל ס, אין וועלכער ער האַראַקטעריזירט דערהויפּט די נייע אינדוסטריעלע ענטוויקלונג אין ד י י ט ש ל אַ נ ד און דעריבער האָט זי אַ גרויסען ווערט אפילו ביי די מענשען, וועלכע האָבען שוין די ערשטע אויסגאַבע פון דיזער בראָשורע.

אין דעם 1875 יאָהר איז אַרויס אין אַ בעזונדער אָבדרוק זיין אַרטיקעל „סאָציאַלעס פון ר ו ס ל אַ נ ד“, פון דעם „פאָלקס־שטאַט“, אַ פּאָלעמיק געגען דעם באַקוניסט „טקאַטשאָוו“, אין וועלכער ער בעטראַכט די רוסישע פּערהעלטניסע און אַיינריכטונגען פון דעם שטאַנד־פּונקט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. אַ גרויסען אינטע־רעס האָבען זיינע מיינונגען וועגען די רוסישע „אַרטעלען“ און דער „אָבשצינאַ“ פון די בויערן (קהל'שע איינענטום אויף ערד) און וואָס פאַר אַ בעדייטונג דיזע אַיינריכטונגען האָבען פאַר דעם סאָציאַליזם.

מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָט ע נ ג ע ל ס אָבגעדרוקט זיין פּאָלעמיק געגען ד י ה ר י נ ג. דאָס איז געוועזען מיט אַ יאָהר פריהער, איידער עס איז אַרויס דער גרויסער געזעץ געגען די סאָציאַליסטען אין ד י י ט ש ל אַ נ ד. אַ טייל פון דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָט זיך אומגעוויזענט אין זיסע הלומות. זיי האָט זיך געדוכט, אַז די שווערסטע צייטען זענען שוין אַריבער, אַנדערע האָבען שוין אַפילו געזעהען דעם טאָג, ווען אין דעם דייטשען רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט) וועלען

---

צו דערשטיקען די רעוואָלוציע אין ב ע ר ל י ן אין 1848 יאָהר, צו שטעלען זיך בראש פון דער רעאַקציע אין 1849 יאָהר, ניט קוקענדיג אויף די ר ה י י־נ י ש־ו ו ע ס ט־פ אַ ל י ש ע אויפשטאַנדען, דורכצופיהרען די מלחמה מיט ע ס ט ר י י ך אין 1866 יאָהר און אונטערוואַרפען אַלע קלענערע מלוכות פון ד י י ט ש ל אַ נ ד אונטער דעם אונגעבילדעסטען, רעאַקציאָנערסטען און נאָך האַלב־פעאָדאַלען טייל פון ד י י ט ש ל אַ נ ד אין 1871 יאָהר, וועמען האָט פ ר י י ס ע ן צו פערדאַנקען פאַר דאָס אַלץ? — אַלץ די בראַנפען־ברייזער (ז. 13-10). עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די דייטשע מלוכה האָט די בעלי־בתים פון שנאַפּס־ברייזער פאַר אַזאַ מין טרייער דינסט דורך מאָנאָפּאָל גוט בעצאָהלט.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען דאָס רוב שטימען און וועלען בע־
שליעסען דורכצופיהרען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג. זיי האָבען זיך
שוין געבראָכען דעם מח, קלערענדיג, ווי אַזוי גרינגער און מיט די
קלענסטע קרבנות דורכצופיהרען דעם סאָציאַליזם. די סאָציאַל־דע־
מאָקראַטיע איז געווען די אויפגעהענדע זון, אויף וועלכע עס האָ־
בען געקוקט מיט בעגייסטערונג ניט נאָר דער פּראָלעטאַריאַט אַליין,
נאָר אויך אַ גרויסע צאָהל אונצופריעדענע מענשען פון די פער־
מעגענדע קלאַסען, דהיינו, „גרויסע מענשען", וועלכע די בורזשו־
אַזיע האָט פערשטויסען, האָבען געהאָפט, אַז די אַרבייטער וועלען
זיי אָבשעצען ווי עס דאַרף צו זיין, געגנער פון פּאָקען־שטעלען, דאָק־
טוירים, וועלכע היילען די קראַנקע נאָר מיט דער נאַטור, כל המיני
ליטעראַטען, אַזעלכע ווי שעפּלע און נאָך אַזוינע חברה. עס איז
שווער געווען צו מאַכען אַנ׳אונטערשייד צווישען די, וועלכע זענען
באמת פערינטערעסירט געווען אין דער לאַגע פון דעם פּראָלעטאַריאַט
און צווישען אַזעלכע, וועלכע זענען אַריין אין אונזערע רייהען נאָר
מחמת זייער כעס אויף דער בורזשואַזיע. אַ טייל פון אונזערע גע־
נאָסען, דאָס רוב די יונגערע און ניט ערפאַרענע, האָבען די אַלע
ניי־צוגעקומענע חברים אויפגענומען מיט גרויס פריוד; אין דער
אמת׳ן אָבער, איז דער נצחון געווען ניט זעהר קיין גרויסער, בעת
אַפילו פּראָפעסאָרען און דאָקטוירים זענען געקומען צו דער
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

די הערען פּראָפעסאָרען און דאָקטוירים האָבען גאָר ניט גע־
האַט בדעה אין גאַנצען אָבצואָגען זיך פון דער בורזשואַזיע. אין דער
אמת׳ן האָבען זיי נאָר געוואָלט שפּיעלען אַ ראָלע מיט דער הילף
פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און האָבען געוואָלט דורך איהר דער־
שלאָגען זיך די אַנערקענונג פון דער בורזשואַזיע. זיי האָבען געוואָלט
קודם כל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע „אויספיינען", אַריינפיהרען איהר
אין די סאַלאָנען און אָבנעהמען ביי איהר דעם פּראָלעטאַרישען האַ־
ראַקטער.

דעמאָלט איז נויטיג געווען צו פערשפּאַרען די טהיר פאַר די
בירגערליכע עלעמענטען, וועלכע האָבען אויף אַזאַ אופן אָנגעהוי־
בען צו ווירקען אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. איינער פון די אויס־
געצייכענסטע און טאַלאַנטספאָלסטע „סאַלאָן־סאָציאַליסטען" פון דעם

אויבּענדערמאָנטען טיִפּ איז געוועזען דער בּערלינער פּריוואַט־דאָצענט
אייזשען דיהרינג, אַ מענש מיט גרויסע גייסטיגע פעהיגקייטען,
וועלכער וואָלט זעהר אַסך געקענט אויפטהון, ווען ער וואָלט פער־
מאָגט אַ בּיסעל מעהר פון דער מאַרקס־ענגעלס'שער זעלבּסט־
קריטיק און אַ בּיסעל וויניגער גאוה, וועלכע ער האָט בּעקומען
בּירושה פון די דייטשע ליטעראַטען.

דיהרינג האָט זיך געהאַלטען פאַר אַזאַ גאון, אַז ער האָט
זיך איינגעשמועסט, אַז ער דאַרף אַפילו ניט גרינדליך דורכשטודירען
די פערהעלטניסען, וועגען וועלכע ער פילאָזאָפירט. ער איז געוועזען
אַ קלענערער פיליסטער און האָט געהאַט מעהר מוט איידער שעפּלע
און האָט אָנגעהויבּען אין בּערלין צו האָבּען אַ גרויסען איינפלוס
אויף די יונגערע עלעמענטען פון דער פּאַרטיי. ער איז ניט געוועזען
אַזאַ גענגער, וועלכער רופט אַרויס צו זיך פעראַכטונג און דעריבּער
האָבּען אייניגע פון די אָנגעזעהענע גענאָסען געפאָדערט פון ענ־
געלס'ן, ער זאָל אַליין אַרויסטרעטען געגען איהם און אויפווייזען
די פּוסטקייט פון זיין פילאָזאָפיע, דערבּיי אָבּער אויך שאַרף אַרויס־
שטעלען דעם כאַראַקטער פון אונזער בּעוועגונג.

דאָס איז די בּעשרייבּונג, ווי אַזוי איז דאָס בּוך „אַנטי־דיה־
רינג", ווי מען רופט איהם בּקצור, פון ענגעלס בּעשאַפען גע־
וואָרען. (דער פולער נאָמען פון דעם בּוך איז: „הערר אייזשען
דיהרינג'ס אומוועלצונג דער וויסענשאַפט"). אייניגע קאַפּיטלען פון
דיזען בּוך, פון וועלכען מען האָט אַרויסגעוואָרפען די פּאָלעמישע ערטער,
זענען אָבּגעדרוקט געוואָרען אין אַ בּעזונדערער בּראָשורע אונטער דעם
טיטעל: „ענטוויקלונג פון דעם סאָציאַליזם פון אַ אוטאָפּיע צו אַ
וויסענשאַפט".

די סבה וואָס האָט אַרויסגערופען דעם „אַנטי־דיהרינג" איז
שוין לאַנג פערגעסען געוואָרען. ניט נאָר דער הער דיהרינג אַליין
איז אָבּגעטראָטען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נאָר אויך די גאַנ־
צע האַלאַסטרע פון די אַקאַדעמישע און פּלאַטאָנישע־סאָציאַליסטען זע־
נען אַרויסגעפלויגען פון דער פּאַרטיי, בּאַלד ווי עס איז אַרויס דער
געזעץ געגען די סאָציאַליסטען, וועלכער האָט געהאַט לכל הפּחות
אין זיך די איינציגע גוטע מעלה צו בּעווייזען, וועלכע זענען בּאמת
גוטע עלעמענטען אין אונזער בּעוועגונג, אויף וועלכע מען קען זיך

צו יעדער צייט פערלאָזען. די פערהעלטניסע האָבען זיך פאַר דער צייט אומגעביטען, אָבער דאָס בוך אַליין האָט נאָך ביי היינטיגען טאָג אַ האָר ניט פערלאָרען פון זיין בעדייטונג. דיהרינג איז געווען פיעל־זייטיג געבילדעט, ער האָט געשריבען איבער מאַטעמאַטיק און מעכאַניק, איבער פילאָזאָפיע און נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע, איבער יוריספרודענץ און געשיכטע א. ז. וו. ענגעלס, וועלכער איז געווען אויך אַזוי פיעל־זייטיג געבילדעט ווי דיהרינג, אָבער אויף אַנ׳אַנדער אופן, האָט געקריטיקירט אַלע זיינע אויבענדערמאָנטע שריפטען. זיין פיעל־זייטיגקייט איז געווען דערביי פערבונדען מיט אַזאַ גרינדליכקייט, וועלכע מען טרעפט ביי היינטיגע צייטען זעלטען אפילו ביי ספּעציאַליסטען, וועלכע זענען נאָר איינזייטיג געבילדעט. די היינטיגע וויסענשאַפט טראָגט אין פיעלע פרטים דעם האַראַקטער פון דעם היינטיגען פראָדוקציאָנס־אופן, זי וויל אויך אַלץ ניכער און מעהר פראָדוציערען; די פראָדוקטען פון דער היינטיגער וויסענשאַפט זענען גלייך צו די פראָדוקטען פון דער היינטיגער אינדוסטריע: וואָלוועל און שלעכט. אָבער אויך פאַר אַ שלעכטען אַרטיקעל צאָהלט מען אַמאָל אַ גרויסען פּרייז, ווען דער אַרטיקעל איז נאָר אין דער מאָדע.

דער אויבערפלעכליכער פיעל־זייטיגקייט פון העררן דיהרינג האָבען מיר עס צו פערדאַנקען, וואָס דער „אַנטי־דיהרינג“ בעטראַכט די וויכטיגסטע פונקטען פון דער היינטיגער וויסענשאַפט פון דעם שטאַנד־פונקט פון מאַרקס־ענגעלס׳שער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק. נאָך דעם „קאַפּיטאַל“ איז דער „אַנטי־דיהרינג“ געוואָרען איינער פון די גרונד־ביכער פון דעם היינטיגען סאָציאַליזם.

דורך דעם, וואָס מיר האָבען זיך פערנומען מיט דער שילדערונג פון ענגעלס׳ס ליטעראַרישער טהעטיגקייט, האָבען מיר אויף אַ ווייַלע אָן אַ זייט געלאָזען זיין פראַקטישע פּאָליטישע טהעטיגקייט. איצט קעהרען מיר זיך דערצו צוריק.

אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט האָט די אַרבייטער־בעוועגונג נאָך די קלעפּ, וואָס זי האָט בעקומען אין 1848 און 1849, כמעט אין גאַנצען זיך אָבגעשטעלט. אין אָנפאַנג פון די זעכציגער יאָהרען האָט זי ווידער ביסלעכווייז אָנגעהויבען אויפצולעבען ניט נאָר

אין דײַטשלאַנד, נאָר אויך אין פראַנקרײַך, בעלגיען און ענגלאַנד. אַפילו אין שפּאַניען און איטאַליען האָט זיך אויך דער אַרבייטער־קלאַס אָנגעהויבען צו ריהרען. אָט די אַלע צוברעקעלטע און אונבעוואוסטע אויפריהרונגען צו פעראייניגען אין אַ קלאָרער און ציעל־בעוואוסטער אַלגעמיינער בעוועגונג, דאָס איז געווען די אויפגאַבע, וועלכע דער „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך געשטעלט. אַ פעראיין, וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין לאָנדאָן אין 1864 יאָהר צוליעב אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, אָבער ניט צוליעב פערשווערונגס־ציעלען (זאַגאָוואָר, ספּיסעק), ווי אַנדערע האָבען געמיינט. גאָר ניט פאָרנעהמענדיג דערצו, איז מאַרקס געוואָרען דער גייסטיגער פיהרער פון דעם בונד נאָר צוליעב זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען. פערשטעהט זיך, אַז ענגעלס איז אויך ניט געשטאַנען נאָר פון ווייטען פון בונד. זיינע גאַנצע קרעפטען אָבער האָט ער געקענט אָבגעבען דעם בונד ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט אין גאַנצען ליקווידירט זיין געשעפט און האָט זיך בעזעצט אין לאָנדאָן (1870). ער איז אָנגעקומען פונקט צו דער רעכטער צייט ווייל גראַד דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען יענע גרויסע קאַמפּפען, וועלכע די דייטש־פראַנצויזישע מלחמה האָט אַרויסגערופען: פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך דעמאָלט זעהר פיעל געפאָדערט און ער האָט געמוזט האָבען וואָס מעהר מענשען.

אין יאָהר 1870 איז אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך מיט איהרע אַכזריות געקענט אויסגלייכען מיט די פריהערדיגע רעוואָלוציעס. ווייניג רעוואָלוציעס האָבען געקאָסט אַזוי פיעל קרבנות ווי דער דייטש־פראַנצויזישער קריעג. און דיעזע רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען ניט נאָר אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך אַליין. אַנדערע לענדער האָבען אויך בענוצט די געלעגענהייט מבטל צו זיין די אַלטע אָבמאַכונגען און אָבשאַפען די אייגענטומס־רעכטע, וועלכע שטאַמען פון דור־דורות. דאָס זענען ניט געווען קיין „לייראַקעס" קאָמוניסטען, נאָר אמת'ע „בעשיצער" פון רעכט און אָרדנונג.

בעת ביי דעם זיעגער און זיינע פריינד איז די רעוואָלוציע אויסגעבראָכען פון אויבען, האָט זי ביי די בעזיעגטע, פערשטעהט

זיך, אויסגעבראָכען פון אונטען. די קייזער־מלוכה*) איז אין פראַנקרייך פערניכטעט געוואָרען און ווען די ראָיאַליסטישע**) נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט נאָך דעם שלום געמאַכט אַ מינע נאָך אַ מאָל צו פערראַטען די רעפּובליק, האָט זיך פּאַריז אויפגעהויבען, כדי מציל צו זיין די פרייהייט, וועלכע איז געוועזען אין געפאַהר. עס האָט זיך נאָך אַ מאָל איבערגע'חזר'ט די אַלטע קאָמעדיע פון דעם 1848 יאָהר. די קליין־בורזשואַזיע האָט געשיקט די אַרבייטער אין פייער און אין רעכטען מיטען קאַמפּף האָט זי זיך דערשראָקען פאַר איהרע אייגענע קאַמפּפס־גענאָסען און האָט זיך געסטאַרעט פאַראַליזירען זייער קראַפט. אָבער דער פּראָלעטאַריאַט פון 1871 יאָהר איז געוועזען גאָר אַנ'אַנדערער. איידער דער פּראָלעטאַריאַט פון 1848־1849 יאָהר. ער איז געוואָרען אַ סך שטאַרקער און ערפאַהרענער. וואָס מעהר צייט דער קאַמפּף האָט געדויערט אַלץ מעהר איז אויסגעקומען דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט צו טראָגען אויף זיינע פּלייצעס די גאַנצע משא פון דעם קאַמפּף וועלכע איז פריהער געלעגען אויף די פּלייצעס פון דער קליין־בורזשואַזיע, אַלץ קלאָרער און דייטליכער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די הויפּט־קראַפט און די שטיצע פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג איז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט. אָבער די בעסטע און בעוואוסטע פּראָלעטאַריער זענען געוועזען מיטגליעדער פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל". און הגם דער „אינטערנאַציאָנאַל" האָט ניט אַרויסגערופען דעם אויפשטאַנד פון דער קאָממונע, איז איהם דאָך אויסגעקומען צו נעהמען אויף זיך די אָנפיהרונג לכל הפחות אין דער עקאָנאָמישער בעציהונג, נאָכדעם אַז דער קאַמפּף האָט זיך שוין פאַנאַנדערגעפלאַקערט. דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט מען כסדר אויפגעוואָרפען, אַז ער איז דער שולדיגער אין דער פּאַריזער קאָממונע. זייענדיג גאַנץ ווייט דאָס אָבצולייקענען, האָט ער אָפען ערקלעהרט, אַז ער איז מיט דעם פּאַריזער אויפשטאַנד גאַנץ סאָלידאַריש. דאָס האָט דער עולם שוין ניט געקענט איבערטראָגען. דער „אינטערנאַציאָנאַל", וועלכער האָט שוין פון לאַנג אָן אַרויסגערופען צו זיך אַ פּחד און שנאה ביי די „רוהי־

*) 1851 יאָהר איז די רעפּובליק אין פראַנקרייך אָבגעשאַפט געוואָרען און איז געוואָרען אַ קייזער־מלוכה ביז 1870 יאָהר.

**) אָנהענגער פון די בורבאָנען דער אַלטער קעניגליכער פאַמיליע פון פראַנקרייך.

ע בעלי־בתים", איז איצט, נאָכדעם אַז די קאָמונע איז געפאַלען, מעט אומעטום אויף דעם קאָנטינענט פאַררעכענט געוואָרען פאַר אַ סכנות'דיגע אָרגאַניזאַציע. די ענגלישע אַרבייטער, וועלכע האָבען עהאַט אַ גרויסען איינפלוס, האָבען זיך אויך פון איהם אָבגעזונדערט. די צייט פאַר דעם סאָציאַליזם אין ענגלאַנד איז נאָך דעמאָלט ניט עקומען. די ענגלישע אַרבייטער האָבען זיך פּאָליטיש נאָכגעשלעפּט נאָך דעם ראַדיקאַלען טייל פון דער בורזשואַזיע, און דעריבער, בעת דער „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דער קאָמונע און האָט זיך דערמיט „קאָמפּראָמעטירט" זענען די ענגלישע אַרבייטער פון איהם אַרויסגעטראָטען. דערצו נאָך זענען פאָרגעקומען שפּאַלטונגען אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל" גופא. פאַר מאַרקס און ענגעלס האָבען די סאָציאַליסטען ניט פערשטאַנען דעם קלאַסען־קאַמפף פון דעם אַרבייטער־קלאַס. בעצם איז דער קלאַסען־קאַמפף נויטווענדיג אַ פּאָליטישער קאַמפף, זיין ציעל איז צו ערדייכען די פּאָליטישע הערשאַפט דורך דעם אַרבייטער־קלאַס, כדי אויסצונוצען זי אין זיינע אינטערעסען. אָבער די דעמאָלטדיגע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען ניט געקענט אָנקוקען די פוסטקייט פון די אַלטע פּאַרטייען, האָבען ניט געוואָלט אויפבויען די נייע געזעלשאַפט דורך דעם קאַמפף פון דעם אַרבייטער־קלאַס געגען די אַלטע געזעלשאַפט; זיי האָבען זיי געוואָלט אויפבויען גאָר אין אַן'אַנדער געגענד, וואו די איצטיגע פאַרדאָרבענע געזעלשאַפט זאָל גאָר קיין שליטה ניט האָבען. זיי זענען דעריבער געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די סאָציאַליסטען דאַרפען זיך אין גאַנצען ניט בעשעפטיגען מיט פּאָליטישער טהעטיגקייט און דאַרפען ניט נעהמען קיין אַנטייל אין דעם קלאַסען־קאַמפף, נאָר יעדער פאָרטגעשריטענער מענש דאַרף פּראָפּאַגאַנדירען דער מאַסע די נויטיגקייט און נוצליכקייט פון דעם סאָציאַליזם דורך זיינע אייגענע מעשים, דורך פּראָפּאַגאַנדע דער טהאַט. אַזוי אָבער ווי דיזע סאָציאַליסטען זענען געווען מענשען, וואָס האָבען ליעב געהאַט שלום, מענשען וואָס האָבען געזעהען אין דעם קלאַסען־קאַמפף נאָר אַן'אומגליק, אָבער ניט אַ טרייב־קראַפט פון דעם היסטאָרישען פּראָגרעס און האָבען דעריבער גערעכענט, אַז דיזען קלאַסען־געגענזאַץ קען מען אָבשאַפען פון דער וועלט דורך דעם, וואָס זיי וועלען אויפקלערען די קאַפּיטאַליסטען און בעווייזען זיי זייערע אמת'ע אינטערעסען, ביי

אַזעלכע מענשען, פערשטעהט זיך, האָט „פּראָפּאַגאַנדע דער טהאַט״ געהאַט זעהר אַנ'אונשולדיגען כאַראַקטער: גרינדונג פון פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטען, סאָציאַליסטישע קאָלאָניען און דעסגלייכען.

די גרויסע זאַך, וואָס מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס האָבען אויפגע־טהון, בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי האָבען געלייגט דעם ברוק אי־בער דעם תהום, וואָס האָט פאַנאַנדערגעשיידט דעם טעאָרעטישען סאָציאַליזם פון דער פּראַקטישער פּאָליטישער אַרבייטער־בעוועגונג און דערמיט האָבען זיי דיענסטבאַר געמאַכט יענע קראַפט, וועלכע איז נאָר אַליין אים שטאַנד איינצופיהרען און פערווירקליכען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג, די קראַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפט פאַר זיין בעפרייאונג. אַנשטאָט אַ בעוועגונג פון איינצעלנע פערזאָנען, האָבען זיי אַוועקגעשטעלט די קראַפט פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס, אַנשטאָט דעם גוטען ווילען פון מענשען־פריינד — די היס־טאָרישע נויטווענדיגקייט, וועלכע צווינגט דעם אַרבייטער־קלאַס צו שטעלען זיך געגען דער קאַפּיטאַליסטישער אונטערדריקונג, כדי צו ערהאַלטען זיין עקסיסטענץ. מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס האָבען בעוויזען, אַז די נייע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג קען נאָר זיין אַ רעזולטאַט פון דער אַחדות'דיגער און געמיינזאַמער אַרבייט פון דעם ציעל־בעוואוסטען פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער און וועט ניט בעשאַפען ווערען דורך דעם, וואָס צווייטע און צושפּרייטע קליינינקע חברה'לעך וועלען דאָ און דאָרטען מאַכען סאָציאַליסטישע פּראָבעס; זיי האָבען בעוויזען, אַז דער פּראָדוקציאָנס־אופן אין דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט וועט ניט אויסוואַקסען פון איינצעלנע אַוטאָנאָמע גענאָסענשאַפטען, קאָלאָניעס און קהלות, נאָר ער וועט זיין אַ רעזולטאַט פון דער פּלאַנמעסיגער אָרגאַניזאַציע און אַרבייט פון אַלע פער־איינינגטע נאַציאָנען פון היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע, וועלכע וועלען אַריינגעהמען די פּריוואַטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין די הענד פון דער געזעלשאַפט.

דיזען שטאַנדפּונקט האָבען זיי דורכגעפיהרט אין „קאָמוניס־טישען מאַניפעסט״. אויף דיזען שטאַנדפּונקט איז אויך געשטאַ־נען דער „אינטערנאַציאָנאַל״.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז די צייט פון דעם אַלטען „אוטאָפּי־טישען״ סאָציאַליזם איז שוין אויף אייביג פערביי. אומעטום האָבען

זיך אָנגעהויבען צו בילדען ארבייטער־פּארטייען מיט אַ סאָציאַליס־טישען און פּאָליטישען פּראָגראַם. דער 1848 יאָהר האָט צושטערט די פאַנטאַזיע ביי אַלע דענקענדע אַרבייטער, אַז צווישען זיי און דער בורזשואַזיע זענען נאָר אַזעלכע סכסוכים, וועלכע עס קענען זיך מיט דער צייט אויסגלייכען. אין גאַנץ אייראָפּאַ האָט זיך דער קלאַסען־קאַמפף פאַנאַנדערגעפלאַקערט. פאַר די פריעדליכע אונפּאָ־ליטישע סאָציאַליסטען איז קיין פּלאַץ מעהר ניט געבליבען, און די פּאָליטישע טהעטיגקייט איז פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס געוואָ־רען ניט קיין טעאָרעטישע פראַגע, נאָר אַ לעבענס־פראַגע.

דאָך האָט דער אונפּאָליטישער סאָציאַליזם ווידער אויפגעלעבט, דער הויפּט אין אַזעלכע לענדער, וועלכע זענען עקאָנאָמיש ניט ענטווי־קעלט געווען, אין וועלכע דער אַרבייטער־קלאַס האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבען צו ריהרען, ווי למשל שפּאַניען און איטאַליען, אָדער אין אַזעלכע געגענדען, וואו די קליין־בורזשואַ האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, ווי למשל פּאַריז, אָדער לענדער, וואו דער אַר־בייטער־קלאַס האָט ניט געהאַט קיינע פּאָליטישע רעכטע, ווי למשל בעלגיען, אָדער לסוף אין אַזעלכע לענדער, אין וועלכע ווענען קלאַסען־קאַמפף פון דעם אַרבייטער־קלאַס האָט נאָך בכלל קיין רייד ניט געקענט זיין, ווי למשל רוסלאַנד. אָבער דיזער נייער אונפּאָ־ליטישער סאָציאַליזם האָט שוין מעהר ניט געקענט זיין קיין פריעד־ליכער. דער קלאַסען־קאַמפף פון דעם אַרבייטער־קלאַס איז שוין צו אָפען אַרויסגעטראָטען. אָנשטאָט דער אַלטער „פּראָפּאַגאַנדע דער טהאַט" פון איינצעלנע פּערזאָנען דורך מוסטער־קאָלאָניען און געגנאָ־סענשאַפטען, איז ענטשטאַנען אַ נייע „פּראָפּאַגאַנדע דער טהאַט" דורך פערשווערונגען (זאַגאָווער) און בונטען. דער מענש, וועלכער האָט אויף אַזאַ אופן צוגעפּאַסט דעם אַלטען אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם, דער הויפּט פּרודאָנ׳ס, צו די נייע קאַמפּפס־בעדינגונגען איז געוועזן באַקונין, דער גרינדער פון דעם היינטיגען אַנאַרכיזם.

וואָס ווייטער איז אַלץ גרעסער געוואָרען באַקונינ׳ס איינ־פלוס אויף דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און עס איז נויטיג געוואָרען אַרויס־צוטרעטען געגען איהם, כדי די אַרבייט, אויף וועלכער מאַרקס און ענגעלס האָבען אָבגעגעבען זייער גאַנצען לעבען, זאָל ניט פער־פאַלען ווערען, און דער סאָציאַליזם זאָל פון אַ פּאָליטישער מאַכט,

פאַר וועלכער אַלע פאַרטייען האָבען געציטערט, ניט וועראן אַ פערבאָר־נענע סעקטע, אַ סעקטע, וועלכע די הערשענדע קלאַסען וואָלטען געקענט רוהיג איבערגעבען דער פאָליציי זי צו בעקעמפפען, ווי זי בעקעמפפט די שווינדלער־באַנדעס. אָט אויף אַזא אופן האָט זיך אָנ־געהויבען יענער מורא׳דיגער קאַמפף צווישען מארקס און באַקו־נין, וועלכער האָט געבראַכט צו דער שפּאַלטונג פון דעם „אינטער־נאַציאָנאַל“ און וועלכע איז געוועזען די ערשטע הקדמה צו זיין טויט.

אין דיזע אַלע קעמפפען האָט ענגעלס גענומען אַ טיכ־טיגען אנטייל, אַלס אַ מיטגליעד פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“. אין 1871 יאָהר איז ער געווען אַ קאָרעס־פּאָנדענט־סעקרעטאַר פאַר בעלגיען און שפּאַניען און דער־נאָך פאַר איטאַליען און שפּאַניען. אַגענויערע בעשרייבונג פון ענגעלס׳ס טהעטיגקייט אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ וועט ניט נאָר פאַרנעהמען צו פיעל אָרט, נאָר דאָס איז איצט אויך אונמעג־ליך, ווייל מען מוז נאָך פריהער דורכשטודירען די פּראָטאָקאָלען און קאָרעספּאָנדענצען פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, וועלכע זענען נאָך ניט פערעפענטליכט געוואָרען. מיר מוזען דעריבער לעת עתה בע־נוגענען זיך מיט די פּאָר פרטים, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט.

מיט דעם סוף פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, האָט זיך אויך געענדיגט די אונמיטעלבאַרע פּראַקטישע פּאַרטיי־טהעטיגקייט ווי פון ענגעלס אַזוי אויך פון מארקס, אָבער די בעדייטונג פון זייער ווירקונג פאַר דער וויסענשאַפטליכער און פּאָליטישער ענטוויקלונג פון דעם סאָציאַליזם איז דורך דעם ניט קלענער געוואָרען.

מחלוקת און פערפאָלגונגען וואָלטען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ ניט געטייט, הגם זיי האָבען דערנעהענטערט זיין סוף. די הויפּט סבה פון דעם „אינטערנאַציאָנאַלס“ טויט איז געלעגען דערינען, וואָס ער האָט זיך אַליין איבערגעלעבט, ד. ה., זיין ציעל איז שוין ערררייכט געוואָרען: די אַרבייטער־בעוועגונג האָט אומעטום געהאַלטען אין וואַק־סען און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס איז שוין געשטאַנען אויף אַזא פעסטען באָדען, אַז אַ פאָר־מאַלע פעראייניגונג ספּעציעל צוליעב דיזען צוועק איז געווען פאַר איהר אַ שטער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין דייטשלאַנד געוואונען איין וואַהל־זיג נאָכ׳ן אַנדערן און זי האָט שוין געקענט

אָנהויבען טראַכטען וועגען דעם, ווי אַזוי צו בעקומען אַן'איינפלוס אויף די געזעצגעבונג. דאָרט וואו מען איז שוין געשטאַנען אויף אַזאַ שטופע, האָט זיך די פאַרטיי־טהעטיגקייט געמוזט מעהר רעכענען מיט די פאָליטישע און עקאָנאָמישע פערהעלטניסע פון יעדען איינ־צעלנעם לאַנד, מעהר איידער פריהער, בעת דער עיקר איז געווען בלויז די פראָפאַגאַנדע פון פרינציפען.

וואָס ווייטער, האָט די בעוועגונג אַלץ מעהר אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלען האַראַקטער, דאָס הייסט ניט אין דעם זין, אַז מען האָט פערגעסען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, נאָר זי האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר צוגעפאַסט צו די ספעציעלע אייגענשאַפטען פון דעם פאָלק און דער מלוכה, אויף וועלכע זי האָט געדאַרפט ווירקען.

דורך די ענטוויקלונג פון דעם סאָציאַליזם, איז דער „אינ־טערנאַציאָנאַל", אַלס אַ ספעציעלע אָרגאַניזאַציע, געוואָרען אין גאַנ־צען איבעריג אַזוי ווי אַ מאָל „דער בונד פון די גערעכטע". די אינ־טערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון דעם פראָלעטאַריאַט איז אָבער געבליבען אַזוי פעסט ווי פריהער און מאַרקס און ענגעלס, ניט זייענדיג פון וועמען עס איז אויסגעקליבען, זענען געבליבען איהרע פאָרשטעהער.

וואוינענדיג אין לאָנדאָן, אין צענטער פון דער איצטיגער קאַפיטאַליסטישער וועלט, זייענדיג שטענדיג אויפגעטראָגען מיט די טיכטיגסטע סאָציאַליסטישע פאַרטיי־פיהרער פון אַלע נאַציאָנען, האָ־בען זיי געקראָגען אַן'איבערבליק איבער די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע און פאָליטישע ענטוויקלונג אַזוי אויך ספעציעל איבער די פאַרטיי־פערהעלטניסע. דיזער איבערבליק, צוזאַמען מיט זייערע טיעפע ווי־סענשאַפטליכע קענטניס און מיט זייער גרויס געניטקייט, וועלכע זיי האָבען בעקומען דורך זייער טהעטיגקייט אין דער פראָלעטאַרישער בעוועגונג ביי אַ האַלבע מאה יאָהרען נאָכאַנאַנד, האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט און די פעהיגקייט אין דער ענטוויקלונג פון פערשיעדענע פאַרטייען צו אונטערשיידען אַן'עיקר (אַ הויפטזאַך) פון אַ טפל (נעבענ־זאַך); דאָס האָט זיי אויך געגעבען די מעגליכקייט צו דערקענען דעם שטאַנד־פונקט, וועלכער עס דאַרף דינען אַלס אַ פונדאַמענט פאַר די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון אַלע לענדער אין אַלע געזעלשאַפט־ליכע פראַגען, וואָס קענען פאָרקומען אין לעבען. דאָס האָט זיך

קלאָר און דײַטליך אַרויסגעוויזען פון אַלע זייערע ווירקונגען. עס איז דערײַבער קיין וואונדער ניט, וואָס די בעסערע סאָציאַליסטישע עלעמענטען האָבען זיך שטענדיג אין קריטישע צײַטען געווענדט נאָך אַן עצה צו ביידע וועטעראַנען אין לאָנדאָן און זיי האָבען קיינמאָל דערינען קיינעם ניט אָבגעזאָגט. זיי האָבען אַרויסגעזאָגט זייערע מיינונגען פראַנק און פרײַ ניט פערשטעלטערהייט. אָבער זיי האָבען אויך ניט געהאַט בדעה אָנצובינדען זיי וועמען עס איז מיט געוואַלד. קיין פּראָלעטאַריער, קיין מענש, וועמען די פּראָלעטאַרישע זאַך איז טײַער געווען, איז קיין מאָל פון זיי ביידע ניט אַרויס מיט גאָר ניט. זיי זענען געוואָרען די בעלי־עצות פון דעם אַלגעמיינעם קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ. בראָשורען, אַ סך אַרטיקלען און אָהן אַ צאָהל בריעף אין אַלערליי שפּראַכען — דאָס זענען גוטע עדות דערויף.

פון 1883 יאָהר אָן, איז די דאָזיגע שווערע און פּעראַנטוואָרטליכע אַרבייט געלעגען אויף ענגעלס'ס פּלייצעס אַליין, דערצו נאָך איז אויף איהם געלעגען די אויפגאַבע צו ענדיגען דאָס, וואָס מאַרקס האָט געמוזט לאָזען כמעט שוין גאָר בײַ'ם סוף*). און הינט דעם האָט זיך ענגעלס בעשעפטיגט מיט דער אַרבייט, וועלכע ער האָט גענומען אויף זיך בעת זיי ביידע, מאַרקס און ענגעלס, האָבען פונאַנדערגעטיילט צווישען זיך די ווישענשאַפטליכע אַרבייט: אָנצוווענדען דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם אויף די צײַט־פראַגען און בעשיצען דייער טעאָריע פון די געגנער און קריטיקער, וועלכע האָבען איהר ניט גוט פערשטאַנען. אַ הוספה צו די אַלע אַרבייטען איז אויף איהם געלעגען די אַרבייט איבער היסטאָרישע פאָרשונגען, וועלכע ער האָט נאָך פריהער אָנגעפאַנגען, אַזוי אַז מען קען זאָגען, אַז ער איז געווען כמעט אין אַלע צווייגען פון דער מענשליכער וויסענשאַפט ווי בײַ זיך אין דער היים.

מקיים זיין מאַרקס'ס צוואָה — דאָס איז בײַ ענגעלסען געווען די ערשטע און די וויכטיגסטע פון אַלע אַרבייטען. קודם כל האָט ער בעזאָרגט די 3־טע אויפלאַגע פון דעם ערשטען באַנד

*) דאָס „קאַפּיטאַל" II און III בענדער, וועלכע מאַרקס האָט ניט געענדיגט.

„קאַפּיטאַל“, וועלכען ער האָט געדאַרפט, לויט מאַרקס'ס צואה, נאָך אַ מאָל דורכזעהען, פערגרעסערן און אַרויסגעבען מיט נייע בעמערקונגען. ער איז אַרויס אין 1883 יאָהר.

אין זומער 1884 האָט ענגעלס אַרויסגעלאָזען זיין אַרבייט וועגען דער „ענטשטעהונג פון פאַמיליע, פּריוואַט־אייגענטום און שטאַט“, אין וועלכער ער האָט דורכגעפיהרט דאָס, וואָס מאַרקס האָט אַליין בדעה געהאַט צו שרייבען, בעקאַנט צו מאַכען דאָס גרויסע פּובליקום מיט די וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען פון מאָרגאַן און גלייכצייטיג צו פערטיעפען זיי. אויף דעם יסוד פון די פאָרשונגען פון די פאָרהיסטאָרישע צייטען איז מאָרגאַן געקומען צו דער זעלבּיגער מאַטעריאַליסטישער געשיכטעס־ערקלערונג, וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבען ענטדעקט אויף דעם יסוד פון די היסטאָרישע פאָרשונגען. די „פּאַטענטירטע“ וויסענשאַפט האָט געוואָלט מאַכען אַ שווייג וועגען מאָרגאַן'ס פאָרשונגען, ווי פריהער וועגען מאַרקס'ן. אָט אַזוי האָט זיך עס איינגעגעבען מציל צו זיין איהם פון דער פערגעסענהייט און דערצו נאָך אויסצופילען מאָרגאַן'ס פאָרשונגען און אַריינשטעלען זיי אין די ראַמען פון דער מאַטעריאַליסטישער געשיכטעס־ערקלערונג פון מאַרקס און ענגעלס און צונויפשמעלצען די מאַטעריאַליסטישע געשיכטע פון די פאָרהיסטאָרישע צייטען און פון די היסטאָרישע אין איין איינציגען ענטוויקלונגס־פּראָצעס. אָט די דאָזיגע גרויסע אַרבייט איז אויסגעפיהרט געוואָרען אין דעם קליינעם ביכעל („ענטשט. פון דער פאַמיליע א. ז. וו.“) פון 146 זייטען.

מיט אַ יאָהר שפּעטער איז אַרויס דער צווייטער באַנד פון „קאַפּיטאַל“, וועלכער בעשרייבּט דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס פונ'ם קאַפּיטאַל. אינ'ם ערשטען באַנד ווערט אויסגעפאָרשט, ווי אַזוי אַרבייט זיך אויס דער „ווערט“ און „מעהר־ווערט“. דער צווייטער באַנד בעשעפטיגט זיך מיט דער פראַגע, ווי אַזוי קומען פאָר די פערשיעדענע פאָרמען פון דער צירקולאַציאָן פונ'ם קאַפּיטאַל, יענע צירקולאַציאָן, וועלכע קומט אַרויס דערפון, וואָס דער קאַפּיטאַליסט פערקויפט די אויסגעאַרבּייטע „ווערט“ און „מעהר־ווערט“, כדי מיט דער לייזונג — אַ הויך דאָס, וואָס ער בּרויכט אויף זיין הוצאה — זאָל ער ווייטער קויפען פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אַרבּייטס־קראַפט און קאָנען

פון דאס ניי אויסאַרבייטען „ווערט“ און „מעהר־ווערט“. דער דריטער באַנד, וועלכער, מיר ערוואַרטען, וועט אַרויס אין 1883, נעהמט אַרום דעם גאַנצען פּראָצעס, ווי אַזוי בילדען זיך מקחים, ווי אַזוי צוטיילט זיך דער „מעהר־ווערט“ אויף פערשיעדענע חלקים, וועגען ערד־רענטע, ריוח, פּראָצענט א. ז. וו.

מקיים זייענדיג מאַרקס'ס צואה, האָט ענגעלס אויך געפיהרט אַ לעבהאַפטע זשורנאַליסטישע טהעטיגקייט, אויב ס'איז נאָר מעגליך צו בעצייכענען מיט דיזען וואָרט יענע ערנסטע און גרינדליכע אַרבייטען, וועלכע ער האָט געשאַפען. אַ גרויסע צאָהל אַרטיקלען, וועלכע האָבען זיך געדרוקט אין ציריכער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“ אין שטוטגאַרטער „נייע צייט“ און פּאַריזער „סאָציאַליסט“ א. ז. וו. — דאס זענען געווען די רעזולטאַטען פון זיין דעמאָלטיגער זשורנאַליסטישער טהעטיקייט.

דערביי האָבער האָבען זיך געדרוקט נייע אויסגאַבען און איבערזעצונגען פון זיינע שריפטען אין ענגלישער, איטאַליענישער, פראַנצויזישער, דענישער און נאָך אַנדערע שפּראַכען, וועלכע ער פלעגט אַליין מוזען דורכזעהען, שרייבען צו זיי הקדמות און בעמערקונגען. לסוף האָט ער גענומען אויף זיך זעהר אַ וויכטיגע און שווערע אויפגאַבע איבערצוקוקען די ענגלישע איבערזעצונג פון דעם ערשטען באַנד „קאַפּיטאַל“, וועלכע האָבען צוגעגרייט צום דרוק סאַמועל מאָאָר און עדוואַרד עוועלינג און וועלכע איז אַרויס אין 1887 יאָהר.

איז דען צווישען אונז, יונגע, פאַראַן אַ סך אַ זעלכע, וועלכע זאָלען אפילו נאָר פיזיש קענען אויף זיך אַריבערטראָגען אַזאַ משׂא אַרבייט?

יאָ, ניט קוקענדיג אויף זיינע 67 יאָהר איז אונזער וועטעראַן באמת יונג און פריש. ער האָט אין זיך ניט די מרה־שחורה און די קנאה פון אַלטע לייט, וועלכע לויבען די פערגאַנגענהייט ניט זייענדיג צופריעדען מיט דער געגענוואַרט. קיינער האָט ניט אַנערקענט בעסער אַלס ער די אַרבייטען פון די יונגערע גענאָסען און קיינער האָט זיך ניט בעצויגען צו זייערע פעהלערען מיט אַזאַ חסד ווי ער. עס פערשטעהט זיך, אַז בעלי גאוות און קאַריערישטען האָבען ביי איהם געפונען מעהר ניט ווי אויסערליכע העפליכקייט; זעהר ווענינ כבוד האָבען ביי איהם אויך געפונען די קליינע מענשעלעך, די קריכער, וועלכע

מיינען, אז זיי זיינען בעשאפען געוואָרען צו ראטעווען די מענשהייט, וועלכע שטעלען זיך אַזוינע אויפגאַבען, צו וועלכע זיי זענען ניט דערוואַקסען, נעהמען אָן תם'עוואַטע יעדער נאַרישקייט פאַר גוט און ברייננגען דערמיט אַ מורא'דיגען שאָדען.

ווען ע נ ג ע ל ס שעצט יאָ די געגענוואַרט, אַזוי ווי זי האָט עס פערדיענט, טהוט ער דאָס אָבער ניט אויף דעם השבון פון דער פערגאַנגענהייט, ער קוקט ניט פון אויבען אַראָב אויף די פריהערדיגע סאָציאַליסטען, ווי פיעלע אַנדערע טהוען דאָס, וועלכע האָבען זיך נאָר אָנגעשמעקט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. קיינער האָט ניט געערדט וועגען זיינע לעהרער מיט אַזאַ גרויסען כבוד ווי ע נ ג ע ל ס, וועלכער האָט זיי אויסגעשטעלט אין זיין „אַנטי-דיהרינג“ אַזאַ גלענ־צענדען מאָנומענט.

ע נ ג ע ל ס האָט פון אילוזיעס קיין מאָל ניט געהאַלטען און האָט זיך מיט זיי קיין מאָל ניט אָבגעגעבען. דערהויפט זעהט מען דאָס אין דער לעצטער צייט, בעת ער האָט שוין הינטער זיך אַ גע־נימקייט פון אַזאַ האַלבע מאה יאָהרען, אין וועלכער די וועלט האָט זיך אַ סך מעהר אומגעביטען איידער פריהער אין גאַנצע הונדערטער יאָהרען. דיזע געניטקייט האָט איהם געמאַכט פאַר אַ געלאַסענעם און רוהיגען בעאָבאַכטער. נאָך מעהר עס איז נויטיג אויף דעם אָנצוווייזען, ווייל נאָך ע נ ג ע ל ס מיינונג, ניט די גאַנצע ענטוויקלונג פון די לעצטע יאָהרען אַ'ן ערבות דערויף, אַז דער פראָלעטאַריאַט וועט אין דער גיכער צוקונפט ווערען זעהר אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם פאָליטישען לעבען פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אמת, עס איז נאָך אויף דעם וועג פאַראַן פיעל שטערונגען, אָבער די טרייב־קראַפט פון דער היינטיגער היסטאָרישער ענטוויקלונג, ווי אין עקאָ־נאָמיע אַזוי אויך אין פאָליטיק, איז אַזוי גרויס, אַז זי וועט אָהן צו־פיעל מאַטערניש איבערקומען די אַלע מניעות. ע נ ג ע ל ס זאָגט, מיר קענען זיך קיין בעסערע זאַך ניט ווינשען ווי דאָס, אַז די פערהעלט־ניסע זאָלען זיך ווייטער ענטוויקלען אויף אַזאַ אופן ווי ביז איצט: דאַן איז אונזער נצחון אין דער ניט ווייטער צוקונפט אַ זיכערער. דאָס ערנסטע וואָלט געווען, ווען מען זאָל אַ שפּרונג טהון מיט אַ מאָל אין אַ אונזיכערע לאַגע; אַזאַ שפּרונג וואָלט אונז אפשר אַ־רוק גע־טהון מיט אַ מאָל זעהר ווייט פאָרווערטס, אָבער ער וואָלט אונז אויך

געקענט אַברוקען זעהר ווייט צוריק: למשל, אַ אונגעריכטע פּאַסירונג, וועלכע וואָלט פאָדערען, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל אָנשטרענגען איהר גאַנצע קראַפט אויף׳ן העכסטען גראַד, איידער זי האָט נאָך געוווּנען כּחות דערצו, אָדער אַזאַ פּאַסירונג, וועלכע וואָלט געגעבען דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם פאָלק אַ נייע ריכטונג. אַזאַ מין פּאַסירונג קען זיין אַ קריעג, וועלכער פלאַקערט פאַנאַנדער דעם ראַסענהאַס און צורייסט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט.

אַזעלכע עלעמענטאַרע (סטיכיינע) פּאַסירונגען קענען מיר, פערשטעהט זיך, נאָך אונזער ווילען נאָך, ניט אַרויסרופען און ניט פערהאַלטען. ווען זיי קומען שוין יאָ אָן, מוזען מיר זוכען מיטלען ווי אויסצונוצען זיי אין די אינטערעסען פון אונזער זאַך. וואָס מיר דאַרפען אָבער אויסוויכען, איז דאָס, אַז אונזער אייגענע פּאַרטיי זאָל אויף קיין פאַל ניט טרייבען קיין שווינדעל פּאָליטיק, זי זאָל ניט מאַכען פּראָבע אַריבערצושפּרינגען די נויטווענדיקייט פון דער ענטוויקלונג מיט געוואַלד אָדער, וואָס איז ניט בעסער, מיט דיפּלאָמאַטישע דרייד־לעך. „מיר האָבען זיך געלערענט וואַרטען" האָט מיר ענגעלס געזאָגט, „און איהר מוזט זיך אויסלערנען וואַרטען ביז אַייער צייט וועט אָנקומען" אָבער אונטער דיזען „וואַרטען" פערשטעהט ענגעלס ניט אַז מען זאָל זיצען מיט צונויפגעלייגטע הענד און מיט אַ׳ן אָפּגענעם מויל און וואַרטען ביז די געבראָטענע טויבען פון דער נאַטירליכער ענטוויקלונג זאָלען גלייך אין מויל אַריינפליהען, זאָנדערען מען זאָל וואַרטען און אַרבייטען אונערמידליך. רוהיג און ענטשלאָסען, מיט אַ פעסטען גלויבען אין אונזער גוטער זאַך, מוזען מיר אָהן אַ׳ן אויפהער אַרבייטען, אַז די מאַסע פון דעם פּראָלעטאַריאַט זאָל וואָס וייטער ווערען אַלץ אַהדות׳דיגער און שטאַרקער, און מיר דאַרפען סטאַרען זיך, אַז זי זאָל בעקומען זעלבסטבעוואוסטזיין און קלאָרע פערשטענדניש, ניט לאָזענדיג זיך פּראָוואָצירען און אַרייננאַרען פון קיינעם. אין דער איינענער צייט דאַרפען מיר כּסדר אַרבייטען אויף אונזער אייגענער בילדונג; מיר דאַרפען ניט נאָר לערנען אַנדערע, זאָנדערען אויך זיך לערנען, און זאָגאַר זעהר פיעל לערנען.

אויב מיר וועלען וואַרטען אויף אַזאַ אופן, דאַן וועט אונז ניט לאַנג אויסקומען צו וואַרטען, דאַן וועלען מיר קענען יעדע רגע אויסנוצען אויף די בעסטע אַרט, און מיר וועלען ווערען אָהן פיעל קרבנות

אמת'ע בעלי־בתים איבּער דער לאַגע, און זאָגאַר אין דער ניט ווייטער צוקונפט. דאַן ווערט, לכל הפּחות איינעם פון די בּיידע גרינדער פון דעם היינטיגען סאָציאַליזם, בּעשערט זיין מיט זיינע לייבּליכע אויגען צו זעהען דעם טריאומף פון זיין אַרבּייט, וועלכען ער זעהט איצט נאָר מיט די גייסטיגע אויגען.

* *
*

דאָס אַלץ האָט געשריבּען קאַוטסקי; דער טויט האָט אָבּער פלוצלונג צושטערט די האָפנונג, וועלכע קאַוטסקי האָט אַרויסגעשפּראָכען אין דעם לעצטען זאַץ פון זיין אַרטיקעל.

אין די אַכט יאָהרען, וועלכע זיינען פאַרבּייגעגאַנגען, זייט דיזער אַרטיקעל איז פערפאַסט געוואָרען, האָט ענגעלס געלעזט די גרעסטע אויפגאַבּע, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט: די אויסגאַבּע פון דעם לעצטען בּאַנד „קאַפּיטאַל". און וואָס פאַר אַ שווערע מניעות ער האָט געהאַט דערבּיי איבּערצוקומען, וועגען דעם שרייבּט ער אַליין אין דער הקדמה צום דריטען בּאַנד: „בּעת איך האָבּ אַרויסגעגעבּען דעם צווייטען בּאַנד אין 1885, האָבּ איך געמיינט, אַז מיט דעם דריטען בּאַנד וועל איך האָבּען נאָר טעכנישע שוועריגקייטען, אַ חוץ איינינע זעהר וויכטיגע קאַפּיטלען. אַזוי איז דאָס טאַקי געוועזען; בּאמת אָבּער, פון די מניעות, וועלכע גראַדע דיזע וויכטיגע קאַפּיטלען וועלען מיר פערשאַפען, האָבּ איך דאַן קיין פאָרשטעלונג ניט געהאַט, פּונקט ווי פון נאָך אַנדרע מניעות, וועלכע האָבּען אַזוי שטאַרק אָבּגעהאַלטען דאָס אַרויסגעבּען פון בּוך.

קודם כל האָט מיר דאָס רוב געשטערט מיין לאַנגע אויגען־קראַנקהייט, וועלכע האָט יאָהרען לאַנג מיין צייט צום שרייבּען פערקירצט בּיז אַ מינימום. און נאָך איצט אויך קען איך נאָר זעהר זעלטען נעהמען די פעדער אין האַנד בּיי קינסטליכע בּעלייכטונג. דערצו נאָך זענען געוועזען אַ זעלכע אַרבּייטען, וועלכע מען האָט ניט געקענט אָבּ־לייגען אָן אַ זייט: נייע אויסגאַבּען און איבּערזעצונגען פון פריהער־דיגע אַרבּייטען מיינע און מאַרקס'ס, מען האָט געדאַרפט איבּערקוקען זיי, מאַכען הקדמות, מאַכען הוספות אין איינינע ערטער צוליעבּ וועלכע איך האָבּ געמוזט פיעל שטודירען א. ז. וו. פריהער פון אַלץ האָט בּיי מיר אָבּגענומען זעהר פיעל צייט די ענגלישע איבּערזעצונג פון

דעֶם עֶרשטעֶן באַנד „קאַפּיטאַל", פאַר וועֶלכעֶ איך בּין פעֶראַנט=
וואָרטליך. ווער עֶס קוקט זיך צוּ דעֶם קאָלאָסאַלעֶן וואוּקס פוּן דעֶר אינ=
טעֶר־נאַציאָנאַלעֶר סאָציאַליסטישעֶר ליטעֶראַטוּר אין די לעֶצטעֶ צעֶהן
יאָהרעֶן אוּן דעֶרהויפּט צוּ דעֶר צאָהל איבּעֶרזעֶצוּנגעֶן פוּן פריהעֶר=
דיגעֶ אַרבּייטעֶן סײַ מײַנעֶ סײַ מאַרקס'ס, דעֶר וועֶט מיר גערעֶכט געֶבּעֶן,
וואָס איך שעֶץ מיך גליקליך, וואָס די צאָהל שפּראַכעֶן, בּײַ וועֶלכעֶ
איך וואָלט געֶקעֶנט קוּמעֶן צוּ הילף דעֶם איבּעֶרזעֶצעֶר איז ניט זעֶהר
גרויס, ווײַל אַז ניט וואָלט איך מחויב געֶוועֶן דוּרכצוּקוּקעֶן נאָך מעֶהר
איבּעֶרזעֶצוּנגעֶן. אָבּעֶר דעֶר וואוּקס פוּן דעֶר ליטעֶראַטוּר ווײַזט אויף דעֶם
וואוּקס פוּן דעֶר אינטעֶרנאַציאָנאַלעֶר אַרבּייטעֶר־בּעֶוועֶגוּנג גוּפא. אוּן
דיזעֶר וואוּקס האָט געֶלייגט אויף מיר נײַעֶ פפליכטעֶן. פוּן די עֶרשטעֶ
טעֶג אָן פוּן אוּנזעֶר עֶפּעֶנטליכעֶר טהעֶטיגקייט איז אויף אוּנז בּיידעֶן
געֶלעֶגעֶן די גרעֶסטעֶ טהייל אַרבּייט פוּן דעֶר פעֶרמיטלוּנג צווישעֶן
די נאַציאָנאַלעֶ בּעֶוועֶגוּנגעֶן פוּן סאָציאַליסטעֶן אוּן אַרבּייטעֶר פוּן פעֶר=
שידעֶנעֶ לעֶנדעֶר; וואָס מעֶהר עֶס האָט זיך געֶשטאַרקט די אַלגעֶ=
מיינעֶ בּעֶוועֶגוּנג, אַלץ מעֶהר איז געֶוואַקסעֶן אוּנזעֶר אַרבּייט. בּעת בּיז
זײַן טויט איז אויך אין דעֶם פּרט די הויפּט משׂא געֶלעֶגעֶן אויף מאַרקס'ן,
איז נאָך זײַן טויט די שטעֶנדיגעֶ וואַקסעֶנדעֶ אַרבּייט אַרויפגעֶפאַלעֶן
אויף מיר אַליין. פאַר דיזעֶר צײַט איז דעֶר דירעֶקטעֶר פעֶרקעֶהר
צווישעֶן די איינצעֶלנעֶ נאַציאָנאַלעֶ אַרבּייטעֶר פּאַרטייעֶן געֶוואָרעֶן רעֶ=
געֶלמעֶסיג אוּן צוּם גליק וואַקסט דעֶר פעֶרקעֶהר פוּן טאָג צוּ טאָג אַלץ
מעֶהר; ניט קוּקעֶנדיג אויף דעֶם, פאָדעֶרט מעֶן אַלץ אָפטעֶר מײַן הילף
אַזוי, אַז דאָס שאַדט מיר צוּ מײַנעֶ טעֶאָרעֶטישעֶ אַרבּייטעֶן. ווער אָבּעֶר
ס'האָט געֶאַרבּייט אין דעֶר בּעֶוועֶגוּנג איבּעֶר פוּפציג יאָהר, ווי איך,
פאַר יעֶנעֶם זעֶנעֶן די אַלעֶ אַרבּייטעֶן אַ הייליגעֶר חוב, וואָס עֶר קעֶן דאָס
ניט אָבּלייגעֶן אָן אַ זײַט אויף אַ רגע ניט. ווי אין דעֶם זעֶכצעֶהנטעֶן
יאָהרהוּנדעֶרט, אַזוי אויך אין אוּנזעֶר היסטאָרישעֶר צײַט געֶפינעֶן זיך ריינעֶ
טעֶאָרעֶטיקעֶר, אויף דעֶם געֶבּיעט פוּן די עֶפּעֶנטליכעֶ אינטעֶרעֶסעֶן
נאָר בּײַ די רעֶאַקציאָנעֶרעֶן אוּן דעֶרוּם טאַקעֶ זעֶנעֶן די לײַט ניט קיין
אמת'עֶ טעֶאָרעֶטיקעֶר, זאָנדעֶרן פּראָסטעֶ פעֶרטיידיגעֶר פוּן דעֶר רעֶ=
אַקציעֶ.

דאָס וואָס איך האָבּ געֶוואָהנט אין לאָנדאָן האָט געֶפיהרט
דעֶרצוּ, אַז ווינטעֶר צײַט איז דעֶר פּאַרטיי־פעֶרקעֶהר געֶוועֶן דאָס

רוב דורך בריעף און אין זומער — אַ פּערזענליכער. דיזער אומשטאַנד, און אויך דאָס, וואָס איך האָב געמוזט נאָכקוקען נאָך׳ן גאַנג פון דער בעוועגונג אין אַלץ נייַע און נייַע לענדער און אויך דורכקוקען די פערשידענע פּאַרטיי־אָרגאַנען, וואָס זענען מיט יעדען טאָג געוואַקסען אין צאָהל, דאָס אַלץ האָט מיך געצוואונגען צו נעהמען זיך צו אַזוינע ווערק, וועלכע מען מוז אַרבייטען כסדר, נאָר ווינטער צייט, און צו פערענדיגען זיי אין די ערשטע דריי חדשים אין יאָהר".

די אַלע אויבען אויסגערעכענטע מניעות זענען אָבער געוועזען ניט די איינציגע און ניט די גרעסטע. אויסגעצייכענט כאַראַקטעריזירט דאָס דר. אַ ד ל ע ר אין דער ווינער „אַרבייטער צייטונג".

די אויסגאַבע פון דעם צווייטען און דריטען באַנד „קאַפּיטאַל" פון מ אַ ר ק ס איז געוועזען די לעצטע גרויסע מתנה, וואָס ע נ ג ע ל ס האָט געשענקט דעם פּראָלעטאַריאַט. מיר זאָגען „אויסגאַבע", אָבער אין דער אמת׳ן איז דאָס געוועזען אַ נייַע אַרבייט, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ע נ ג ע ל ס אַליין, מיט דער עניוות, וועלכע עס בעזיצען נאָר באמת די גרעסטע מענשען, האָט שטענדיג זיינע אַרבייטען זעהר קליין געשעצט געגען די ווערק פון זיין פריינד. פון די צוזאַמענגעקליבענע ציטאַטען, אָנמערקונגען און קאָנספּעקטען וואָס זענען געבליבען פון מ אַ ר ק ס׳ן נאָך זיין טויט, האָט ער צונויפגעשטעלט די צוויי לעצטע בענדער פון „קאַפּיטאַל". קיינער אַחוץ איהם, וואָלט ניט געקענט פון אַזאַ צוואָרפענעם מאַטעריאַל אַזוי ריכטיג דורכפיהרען דעם געדאַנקענגאַנג פון זיין מיטקעמפּפער ווי ער. דער גרעסטער טייל פון דעם מאַטעריאַל איז געוועזען סטיליסטיש אויבערפלעכליך בעאַרבייט, עס זענען נאָר געוועזען, אָהן אַ שום אָרדנונג, פערצייכענט די געדאַנקען, וועלכע זענען ענטשטאַנען אין מ אַ ר ק ס׳ס קאָפּ; איינציגע ערטער זענען געוועזען כמעט אין גאַנצען אויסגעאַרבייט, אַנדערע זענען נאָר בעצייכענט געוועזען בקיצור אַ מאָל אויף דייטש, אַ מאָל אויף פראַנצויזיש און ענגליש און אָפט אַזוי געשריבען, אַז עס איז שווער געוועזען צו לעזען. מיט דער זעלביגער מעטאָדע ווי מ אַ ר ק ס האָט אין דעם ערשטען באַנד בעשריבען דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, האָט ע נ ג ע ל ס פון דעם איבערגעלאָזענעם צוואָרפענעם מאַטעריאַל זעהר קינסטליך צוזאַמענגעשטעלט און ענטוויקעלט דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס פון דעם קאַפּיטאַל, די ענטשטעהונג און די ווייטערע ענטוויקלונג

פון דעם „מעהר־ווערט", די שפאלטונג פון דעם פראפיט (אלגעמיי־נער ריוה) אויף פראצענט און אויף ריוה פאר דעם אונטערנעהמער און די לעהרע פון ערד־רענטע. אזא ארבייט האט געפאדערט ניט נאר פיזישע אנשטרענגונג, זאנדערן עס איז אויך דערצו נויטיג געוועזן א גרויסע קאפ־ארבייט, וועלכע האט געדארפט זיין ניט קלענער ווי די ארבייט פון דעם פערפאסער אליין. נאר ענגעלס אליין האט דאס גע־קענט דורכפיהרען, ווייל צווישען אלע לעבעדיגע מענשען איז ניט געווען אזעלכער ווי ענגעלס, וועלכער זאל האבען דעם זעלבינען געדאנקען־גאנג און די מיינונגען פון דעם פערפאסער ווי אין די קלענסטע פרטים, אזוי אויך איבער דעם גאנצען צוזאמענהאנג פון דערווירטשאפטליכער ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליזם. מיט דעם, וואס ענגעלס האט ארויסגעלאזען די לעצטע צוויי בענדער „קא־פיטאל" האט ער געשטעלט זיין פריינד מארקס א מאנומענט, וועל־כער איז פעסטער ווי בראנזע, אבער ניט ווילענדיג, האט ער אויף דעם מאנומענט אויסגעקריצט מיט אויביגע אותיות אויך זיין אייגענעם נאמען. אזוי ווי ביי'ן לעבען זענען מארקס און ענגעלס געווען אימער איינס, אזוי וועט מען אויך נאך ווייער טויט ניט רעכענען, אז דער „קאפיטאל' געהערט נאר איינעם פון זיי, נאר אין דער געשיכטע פון נאציאנאל־עקאנאמיע וועט אלע מאל הייסען: דער „קאפיטאל" פון מארקס און ענגעלס. און ווען אפילו ענגעלס בעצייי־כענט אין קלאמערען (סקאבקעס) מיט די אותיות פ. ע. יענע ערטער, וואו ער האט אליין בעארבייט דעם פאקטישען מאטעריאל, אויף ווי פיעל עס איז מעגליך, נאך מארקס'ס גייסט נאך, וועט דאך קיינער ניט קענען אונטערשיידען דעם גייסט פון ענגעלס'ס ארבייטען און דעם גייסט פון מארקס'ס ארבייטען.

דער טויט האט אבגעריסען ענגעלס'ן אין רעכטען מיטען פון א סך ליטעראַרישע ארבייטען און פלענער. די קראנקהייט, וועגען וועלכער ער האט נאך געשריבען אם 9־טען מאי: „איך טראכט ביז דער קומענדער וואך אין גאנצען געזונד צו ווערען", האט איהם געשטערט צו ענדיגען די הקדמה צו מארקס'ס ליטעראַרישע ערשט־לינגס־שריפטען פון דער „רהיינישער צייטונג" (1842); באלד נאך דעם האט ער געוואלט זיך נעהמען ארויסגעבען די בריף, וועלכע מארקס און לאססאל האבען איינע די אנדערע געשריבען.

אויך האָט ער געהאַט בדעה אין די נאָהענסטע ציַיטען אַרויסגעבען אין איין אויסגאַבע אַלע קלענערע שריפטען, וואָס ער און מאַרקס האָבען פערפאַסט,— ווענען זיַינע אַנדערע פּלענער וועלען מיר גאָר ניט דערמאָנען. די לעצטע אַרבּייט זיַינע, וועלכע ער האָט געענדיגט, איז געווען די הקדמה צו מאַרקס'ס שריפט: „די קלאַסען־קעמפפע אין פראַנקרייַך פון 1848 ביז 1850 יאָהר", אַ שריפט, וועלכע מאַרקס האָט פערפאַסט אין דער ציַיט פון דעם פּאָליטישען שטורם, וואָס האָט געוויטשט אין איירָאָפּאַ, אין וועלכער מאַרקס ערקלערט, אַז די פּאָליטישע פּאַסירונגען, די רעוואָלוציע— אין וועלכער ער און ענגעלס האָבען אַלייַן אַנ'אַנטייל גענומען— איהר נצחון און איהר נידערלאַגע שטאַמען פון די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע פון יענער ציַיט. דערבייַ האָט מאַרקס אַרויסגעזאָגט אַזאַ מיינונג איבער די צוקונפט, וועלכע האָט זיך בייַ היַינטיגען טאָג בעוויזען פאָלשטענדיג ריכטיג. אין דער הקדמה צו דיעזער שריפט האָט ענגעלס קורץ און קינסטליך געשילדערט די וויַיטערע געשיכטע פון איירָאָפּאַ ביז גאָר דער לעצטער ציַיט און האָט מיט זיין געוועהנליכער שאַרפקייט קלאָר און דייַטליך אויפגעוויזען דעם אונטערשייד צווישען דער „רעוואָלוציע" פון 1848 און דער קומענדער רעוואָלוציע, אין וועלכער דער איצטיגער אַרבּייטער־קלאַס וועט מנצח זיין דעם קאַפּיטאַליזם. מיט זיין אונערבאַרמליכער קריטיק צושטערט ער אָהן רחמנות די פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען פון דעם מורא'דיגען כח פון די באַריקאַדען ווי אויך די האָפנונגען פון די איירָאָפּעאישע רעאַקציאָנערען, אַז די אַרבּייטער וועלען זיך לאָזען פערפיהרען און וועלען אַרויס אויף אַ שטראַסען־קאַמפף און דורך דעם אַוועקרוקען זיך אויף צעהנדליגע יאָהרען צוריק. ער בעוויַיזט דאָרטען, ווי דער אַלטער קאַמפפס־אופן— דער באַריקאַדען־קאַמפף— איז איצט שוין אונמעגליך איבער דער „רעוואָלוציע" אין דער מלחמה־טעכניק*), ער בעוויַיזט אָבער אויך, אַז אין די הענד פון דעם פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך איצט נייַע כלי־זין, נעגען וועלכע די הערשענדע קלאַסען קענען ניט קעמפפען, דאָס איז די אויסנוצונג פון די פּאָליטישע רעכטע, ווי דאָס וואַהל־רעכט א. ד. ג. „די איראָניע פון דער וועלט געשיכטע"— שרייבט ענגעלס —„שטעלט

*) פאַר דער לעצטער צייט האָבען זיך די כלי-זין פיעל ענטוויקעלט.

אַלץ מיט'ן קאָפּ אַראָב. מיר, די „רעוואָלוציאָנערען", די „וועלט־איבערקעהרער", מיר בליהען און וואַקסען אַ סך בעסער ביי געזעצ־ליכע מיטלען איידער ביי אונגעזעצליכע און געוואַלד־טהאַטען. פאַר־קעהרט, די „אָרדנונגס־פּארטייען", ווי זיי רופען זיך, געהען אונטער גראַד ביי די געזעצליכע צושטענדען, וועלכע זיי אַליין האָבען בעשאַפען. זיי מוזען נעבעך אויסשרייען ווי אָדילאָן באַראָ: „די געזעצ־ליכקייט איז אונזער טויט!" דאַן ווען מיר בעקומען גראַד אין דער זעלביגער צייט פון געזעצליכקייט געזונדע מוסקולען, רויטע באַקען, און זעהען אויס ווי דאָס אויביגע לעבען אַליין. און אויב מיר זענען נאָר ניט משוגע און וואַרפען זיך ניט אַריין אין אַ שטראַסען־קאַמפּף, כדי זיי צו טהון אַ צוליעב, דאַן בלייבט זיי נעבעך קיין אַנדער ברירה ניט, ווי אַליין דורכצוברעכען די דאָזיגע געזעצליכקייט, וועלכע איז זיי אַזוי ניט פּאַסיג". צום סוף בעשרייבט ענגעלס אין אַ זעהר ווי־ציגער פאָרם ווי אַ מאָל, מיט 1,600 יאָהר צוריק, אין דער מדינה פון רוים, איז אַרויסגעוואַקסען אַ געפעהרליכע רעוואָלוציאָנערע פּאַר־טיי, די קריסטען, וועלכע עס האָבען זיך אַריינגערוקט אין איהר אַרמעע ניט קוקענדיג אויף די מורא'דיגע פערפאָלגונגען און אויס־נאַהם־געזעצען פון די רוימער, און אויף אַזאַ אופן איז דער גרעסטער טייל פון דעם רוימישען היל געוואָרען לויטער פון אַזעלכע „וועלט־איבערקעהרער" ביז די רוימישע מלוכה איז לסוף אַליין „איבערגע־קעהרט" געוואָרען. די דאָזיגע הקדמה האָט ענגעלס געשריבען דעם 6־טען מערץ און נאָך אין דעם זעלביגען חודש האָט זיך אָנגעהויבען זיין קראַנקהייט, וועלכע עס האָט אין אַזאַ קורצע צייט געמאַכט אַ סוף פון זיין לעבען.

נאָך אין 1887 יאָהר האָט קאַוטסקי מיט רעכט געשרי־בען, אַז ענגעלס האָט שוין דערמאָלט מיט זיין שכל געזעהען דעם טריאומף פון זיינע אידעען, היינט אויף ווי פיעל האָט זיך זיין זיעגס־געפיהל פון דערמאָלט אָן געמוזט פערשטאַרקען! אין דעם יאָהר פון ענגעלס'ס 70־יעהריגען יובילעאום זענען אויסגעפאַלען די רייכסטאַגס־וואַהלען אין דייטשלאַנד, פאַר וועלכע די קיי־זערליכע פעברואַר־צירקולאַרען זענען געווען גוטע עדות אויף דעם דאָקומענט פון דעם נצחון פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק; דעם 1־טען מאַי 1890 האָט די בורזשואַזיע פון גאַנץ איראָפּע גע־

ציטערט פאַר דער רעוואָלוציע פון דעם גרויסען פאַריזער אינטער=נאַציאָנאַלען קאָנגרעס פון 1889 יאָהר*); אין סעפּטעמבער איז דער געזעץ געגען די סאָציאַליסטען אין דייטשלאַנד בטל געוואָרען, וועלכער האָט עקסיסטירט גאַנצע צוועלף יאָהר; אין אָקטאָבער איז געווען דער האַללער פּאַרטיי־טאָג פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; דעם 12־טען אויגוסט 1893 האָט זיך ענגעלס געפרייט אויף דעם נייען שטאַרקערען און לאַנג לעבעדיגען אינטער־נאַציאָנאַל — דער ציריכער אינטער־נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס**). זיין נסיעה קיין וויען און בערלין, וועלכע ער האָט שוין אַ צייט פון 52 יאָהרען ניט געזעהען, האָבען איהם בעוויזען, אַז מאַרקס און ער האָבען ניט אומזיסט געקעמפּפט און זיי קענען קוקען אויף אַלע זייערע עבר'דינע אַרבייטען מיט שטאָלץ און מיט פערגניגען. מיט פולען גליק און מיט שטאָלץ האָט ענגעלס געקענט אויסרופען: „עס איז ניטאָ קיין לאַנד, עס איז ניטאָ קיין גרויסע מדינה וואו די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל ניט זיין קיין מאַכט, מיט וועלכער אַלע מוזען זיך רעכענען. אַלץ, וואָס עס פּאַסירט אין דער גרויסער וועלט, פּאַסירט ניט אָהן דעם, אַז מען זאָל זיך מיט אונז ניט רעכענען, מיר זענען אַ גרויסע מאַכט, פאַר וועלכער מען האָט פּחד, אַ מאַכט, פון וועלכער עס העננט אָב מעהר, איידער פון אַנדערע גרויסע מעכטע. דערנאָך איז געקומען דער יאָהר 1894 מיט דעם גרויס=אַרטיגען נצחון פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־פּאַרטייען אין פראַנקרייך און אין בעלגיען ביי די וואַהלען אין זייערע פּאַרלאַמענטען, און באַלד נאָכדעם דער 1895 יאָהר מיט דעם זיעג ביי די וואַהלען אין איטאַליען — ניט קוקענדיג אויף דעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד און אויף דער שרעקענס־הערשאַפט פון קריספּי***). אַלץ האָט דייטליך בעוויזען, אַז די סאָציאַליסטישע אידעען געהען פאָרווערטס, אַז די טאַקטיק, אין וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבען ערצויגען דעם אינטער־נאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט, וועט זיכער פיהרען צום זיעג. די לעצטע נצחון־פרייד פון דעם טויט־קראַנקען

*) אויף דיזען קאָנגרעס איז צום ערשטען מאָל בעשלאָסען געוואָרען צו פייערען דעם ערשטען מאַי.

**) אויף דיזען קאָנגרעס האָט ענגעלס אַליין אַן אַנטייל גענומען.

***) קריספּי, דער דעמאָלטיגער מיניסטער=פּרעזידענט אין איטאַליען.

אָרגאַניזאַטאָר פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט איז געווען די מפלה פון דעם אומשטורץ פּראָיעקט*) אין דעם דײַטשען פּאַרלאַמענט. דעם 5־טען אויגוסט בעת זײַנע אויגען האָבען זיך אויף אויביג צוגעמאַכט און דאָס ליכט פון זײַן בעוואוסטזײַן איז פערלאָשען געוואָרען, האָט ער מיט זיך אין קבר גענומען די איבערצײַגונג, אַז די דײַטשע, ווי די אינטער־נאַציאָנאַלע אַרבייטערשאַפט, וועט ערפילען זײַן האָפנונג, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם 22־טען סעפּטעמבער 1893 אין בערלין:

„פּאַרטיי גענאָסען! איך בין בטוח, אַז איהר וועט אויך ווײַטער טהון, וואָס פון אײַך פאָדערט זיך!"

מקיים זײַן זײַנע ווערטער— דאָס וועט זײַן דער בעסטער מאָנומענט, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט וועט אַוועקשטעלען זײַן טײַערען פיהרער.

דעמאָלט וועט מקוים ווער׳ען די נבואה, וואָס ענגעלס האָט אַרויסגעזאָגט אין זײַן לעצטען אַרטיקעל אין דעם סאָציאַליסטישען וואָכענבלאַט „דאָס אויפוואַכען", וועלכע עס געהט אַרויס אין פּאַלערמאָ:

„אומעטום שליסען די אונטערדריקטע ווײַערע רייהען, און גיבען איינע די אַנדערע די הענד איבער די גרענעצען פון פערשיעדענע לענדער. די אינטער־נאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַרמעע אָרגאַניזירט זיך און בילדעט זיך און דער אָנהויב פון דעם נײַען יאָהר־הונדערט וועט איהם פיהרען צום זיעג".



*) דאָס איז אַ פּראָיעקט, וואָס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אין דײַטשען פּאַרלאַמענט געגען די סאָציאַלדעמאָקראַטען, וועלכער איז בעקאַנט אונטער דיזען נאָמען.

ק. קאויטסקי.

# דער קאמפף פון די נאציאנאליטעטען און דאס שטאאטס־רעכט אין עסטרייך.



ווילנא.

דרוקעריי וויטווע עט געברידער ראָם

1906.

Борьба національностей и государственное право въ Австріи.

ВИЛЬНА.
Типографія Вдовы и братьевъ Роммъ.
Уголъ Духовскаго и Глухого пер. соб. домъ № 1/2
1906.

פראַנץ־יוסף'ס קיניגען, וואָס האָט לכתחלה גענעבען האָפנונגען אויף פּאָלקאָמען שלום, — האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַנ'איפּ־שטאַנד אין ווינען, מיט אַיינפיהרען קריגס־צושטאַנד אין פּראָג און מיט צומאַכען דעם פּאַרלאַמענט.

אין דער גאַנצער רעש נעהמט זיך סך הכל איבער'ן בעפעהל מכח די שפּראַכען, ריכטיגער, איבער דער שאלה: צי זענען די 200 בעאַמטע, וועלכע וואוינען אין בעהמען, מחויב צו פערשטעהן דייטש אָדער ניט? אַ וודאי האָט שלעכט געווירקט דאָס, וואָס די שפּראַך־פראַגע איז געלעזט געוואָרען ניט דורכ'ן געזעץ, נאָר דורך אַ פעראָרדנונג פון אַ מיניסטער; ס'איז אויך אַן אמת, אַז דער בעפעהל איז אין געוויסע הינזיכטען צו שטרענג, — אין עסטרייך אָבער איז מען דאָך געוואוינט רוהיג פערהאַלטען זיך אי צו ערגערע מעשים, מיט וואָס־זשע ערקלערט זיך אַזאַ פּלוצלינגע אונזיניגע מלחמה, וועלכע האָט זיך אַזוי בלוטיג געפיהרט?

די דאָזיגע מלחמה איז נאָר דאַמאָלס פערשטענדיג, ווען מען בעטראַכט דעם בעפעהל מכח די שפּראַכען ניט ווי אַ סבה, נאָר ווי אַ סיגנאַל צו די אַלע געפעכטען, וועלכע זענען ניט לאַנג פאָרגעקומען. די סבות זייערע ליגען אָבער אַ סך טיפער. מ'קען ניט ערקלערען די איצטיגע לאַגע פון עסטרייך נאָר מיט דער טאַקטיק פון באַדעני. די „אַייזערנע האַנד" האָט, פערשטעהט זיך, פיעל מיטגעהאָלפען צו פערשאַרפען די עקסיסטירענדע היפוכים, נאָר ניט זי האָט די היפוכים געשאַפען, און דעריבער האָט די בעזייטיגונג פון באַדעני, ווי נויטיג עס איז ניט געווען, ניט געקענט לויטערער מאַכען דעם מצב. באַדעני'ס דימיסיע האָט פריינעמאַכט אַנ'אָרט פאַר אַ רעגירונג מיט אַ פּראָגראַם, וואָס האָט אַרויסגעפיהרט עסטרייך פונ'ם טומפּען ווינקעל, אין וועלכען זי איז פערקראָכען; אין דער זעלבער צייט אָבער האָט זי בעוויזען, אַז אויף אַזאַ מין רעגירונג זענען די הערשענדע קלאַסען און פּאַרטייען קנאַפּע בעלנים. די סבות פון דער איצטיגער לאַגע בעשטעהען ניט אין אַ פאַלשען „גאַנג", אָדער אין דער אונפעהיגקייט פון אַ מיניסטער, זיי ליגען אַ סך טיעפער. זיי זענען אַם שטייפסטען צוזאַמענגעבונדען מיט דער אייגענאַרטיגער ענטוויקלונג פון די נאַ־ציאָנאַליטעטען און קלאַסען אין עסטרייך.

קודם כל, לאָמיר זיך פּרובּען אָנצייכענען אין אַלגעמײנע שטריכען דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון די נאַציאָנאַליסטען.

די היינטיגע נאַציאָנאַלע אידעע, וועלכע וואַקסט איינאיינעם מיט׳ן וואוקס פון היינטיגען שטאַאַט, איז ניט קיין פוסטער מיראַוש, ניט קיין האַלוצינאַציע פון קראַנקע מחות (ווי עס באַהויפּטעט איין קריטיקער פונ׳ם „צו איינזייטיג־מאַטעריאַליסטישען" מאַרקסיזם) —זי ליגט טיעף בעהאַלטען אין די בעדערפניסען פון די פעלקער. די וויכטיגסטע פאַקטאָרען פון איהר ענטוויקלונג זענען, ווי מיר רעכענען, דריי:

ערשטענס, די בעדערפנים פון דער בורזשואַזיע, בפרט פון דער, וועלכע שאַפט די סחורות, צו בעוואָרענען פאַר זיך דעם אינערליכען מאַרק און די מעגליכקייט פערברייטערען דעם אויסער־ליכען. דיזע בעדערפנים פיהרט צו אָבצאַמען זיך פון אויסען און צו אָננעהמען צוזאַמען מיטלען געגען אַלע אויסלענדישע קאָנקורענ־טען. אַם בעסטען קען דיזע בעדערפנים בעפרידיגט ווערען דורך אַ נאַציאָנאַלע מדינה; דאָרט אָבער, וואו אין איין מדינה לעבען צוזאַמען פערשידענע נאַציעס, פערבייטען די שפּראַך־גרענצען אין אַ געוויסען מאָס די אָבצאָהלונגס גרענצען: די שפּראַך איז דאָך דער וויכטיגסטער פערקעהרס־מיטעל. אָבצאַמען און פערברייטערן די שפּראַך געגענד, אויסשליסען פון איהר די קאָנקורענטען, וועלכע רעדען אויף אַנ׳אַנדער שפּראַך, קען דיענען צום בעוואָרענען דעם אינערליכען מאַרק, פונקט ווי אין אַנ׳אַנדער אָרט די גרייס און די אונאָבהענגיגקייט פון דער נאַציאָנאַלער מלוכה.

דער 2־טער פאַקטאָר פון דער היינטיגער נאַציאָנאַלער אידעע איז די שטרעבונג צו פּאָליטישע פרייהייט, צו דעמאָקראַ־טיזם. מיר וועלען דאָ ניט אַרומרעדען די עקאָנאָמישע יסודות פון דער דאָזיגער שטרעבונג, וועלכע האָט זיך מיט אַ קראַפט אַרויסבעוויזען אין אַלע קולטורעלע לענדער אין משך פון לעצטען יאָהרהונדערט. דאָס איז אַ שטרעבונג צו׳ם פולען סובערעניטעט פון פאָלק, וועלכער וויל פריי בעשטימען זיין מזל און ווידערשטעהן יעדען אויסערליכען צוואַנג, פון וואַנען עס זאָל ניט שטאַמען: פון אַ איינצעלנער פערזאָן, פון אַ קלאַס אָדער פון אַ פרעמדער נאַציע.

דער דריטער פאַקטאָר פון היינטיגע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען

איז, נאָך אונזער מיינונג, די פערשפרייטונג פון נאַציאָנאַלער בילדונג, פון נאַציאָנאַלער ליטעראַטור אין די פאָלקס-מאַסען. דאָס לעצטע איז אַ האַראַקטעריסטישער צייכען פון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט. ביז דיזער צייט בעמערקען מיר אומעטום אַ פאָלקס-פּאָעזיע און אַ געוויסען סכום ידיעות, וועלכע געהען איבער בעל פה פון דור צו דור און טרעטען ניט אַריבער די גרענצען פון דער דאָרפישער אָדער שטאָדטיגער קהלה. אין דער זעלבער צייט בעגעגענען מיר נאָך אַ ליטעראַטור, וועלכע איז אָבער נאָר אַ מין פּריוויליגיע פון וועניגע אַריסטאָקראַטען און בלייבט לחלוטין פרעמד דעם פאָלקס לעבען אויף אַזוי פיעל, אַז במשך פון אַ לאַנגער צייט בענוצט זי זיך מיט פרעמדע שפּראַכען און טראָגט איבערהויפּט אַ אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער. אין דעם 19-טען יאָהרהונדערט הויבט אָן אַרויסגעשטויסען ווערען פון דער ליטעראַטור די לאַטייניש שפּראַך, וועלכע האָט פערנומען אַלס אַלגעמיינע ליטעראַרישע שפּראַך דעם ערשטען אָרט (דעם צווייטען אָרט האָט פערנומען די פראַנצויזישע שפּראַך). די ליטעראַטור בעקומט אַלץ מעהר אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, די ליטעראַטור ווערט געשאַפען אין די נאַציאָנאַלע שפּראַכען: אַזוינס אָבער קומט פאָר נאָר אין די גרענצען פון גרויסע נאַציעס מיט אַ ענטוויקעלטער בורזשואַזיע. די קליינע, ווי אויך די עקאָנאָמיש אָבגעשטאַנענע פעלקער זענען ניט געווען בכח אויפצוהייבען זייער גייסטליכען לעבען ביז דער מדרגה פון אַן אייגענער ביכער-ליטעראַטור; דערצו האָבען זיי ניט געקענט ליפערן ניט קיין מחברים ניט קיין גענוגען צאָהל לעזער.

אין 19-טען יאָהרהונדערט ווערט די שוהל-בילדונג פון די מאַסען אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט. דאָס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לעבען צווינגען די מאַסען צוצופּאַסען זיך מיט ווייטערע געגענדען. צוזאַמען מיט דער ביכער-ליטעראַטור ענטשטעהט אַ גאַזעטען-ליטעראַטור, און זיי ביידע דרינגען אַריין אין אַלץ טיעפערע און טיעפערע שיכטען פון פאָלק. אַ דאַנק זיי ערשיינט אויך ביי די קליינע נאַציעס אַן אייגענע ליטעראַטור, קודם כל אַ צייטונגס-ליטעראַטור. אין עצם איז איהר ווערטה גאַנץ קליין, זי רייניגט אָבער אָב דעם באָדען פאַר העכערע פאָרמען פון אָריגינעלער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור און פיהרט צו'ם ערשטען אַריין אין

בעוואוסטזיין פון די מאסען דאס געפיהל פון געמיינזאמקייט בנוגע
צו זייער שפראך און איך צו זייער נאציאנאלער בעזונדערהייט.

דיזע אלע יסודות פון דער נאציאנאלער בעוועגונג אין אונזער צייט װארצלען זיך טיעף אין די ענטוויקלונגס־טענדענצען פון דעם איצטיגען געזעלשאפטליכען לעבען. היסטאריש זענען זיי פאלקאם געזעצליך, און קינסטליך שטערען זייער וואוקס איז אלץ איינס, ווי שטעלען א וואנד פאר דער סאציאלער ענטוויקלונג.

צו א זעלכע מיני נאציאנאלע בעוועגונגען איז דער פראלעטאריאט ניט נאר ניט פיינדליך געשטימט, פערקעהרט, ער איז נאך דירעקט פעראינטערעסירט אין זייער גינסטיגען וואוקס. דער קאמפף צווישען די נאציעס איז ניט קיין נאטירליך נויטווענדיגער רעזולטאט פון די נאציאנאלע בעוועגונגען, אפילו דארט וואו איניגע נאציעס וואוינען צוזאמען אין איין מדינה, — דאס האט בעוויזען קלאר דער ביישפיעל פון שווייץ. ס'וואלט געווען זעהר ווילד און משונה'דיג — אננעהמען דעם היינטיגען נאציאנאלען קאמפף אין עסטרייך פאר א קאמפף פון די ראסען פאר זייער קיום, אנערקענען דיזען קאמפף פאר א געזעץ פון דער נאטור און איינזעהן אין די פאליטישע מחרים פון די „יונג־טשעכען“ מיט באדעני, אדער אין דעם ליארם פון דעם תם'עוואטען וואלף די ערשיינונג פון נאטורקרעפטען.

איך רעכענען מיר פאר ניט ריכטיג די השערה, אז דער נאציאנאלער קאמפף אין עסטרייך, זענענדיג א פראדוקט פון די היינטיגע נאציאנאלע שטרעבונגען, וועט ניט אויפהערען, כל זמן עס וועט האבען א קיום דער איצטיגער נאציאנאלער בעוואוסטזיין. מיר, להיפך, זעהען די הויפט־סבות דערפון, וואס די נאציאנאלע שטרעבונגען האבען אנגעצונדען אזא שרעקליכען און אונזיניגען פייער פון מחלוקת — אין דער אבגעשטאנענהייט פון דער עסטרייכי־אימפעריע, און איהרע פעאדאלע און אבסאלוטיסטישע חורבות. דער איינציגער מיטעל, וועלכער קען, לויט אונזער מיינונג, מאכען א סוף צו דיזער מחלוקת, איז — אויסראמען, מבטל זיין אלץ, וואס איז נאך געבליבען פון פעאדאליזם און אבסאלוטיזם.

עסטרייך איז נאך היינט ניט דערוואקסען צו דער מדרגה פון א היינטוועלטליכער איינהייטליכער מדינה. בעצם איז זי נאך

עד היום אַ סכום פון גרויסע און קלײנע מלוכות, וועלכע זענען פּעראײניגט דורך אײן שותפות'דיגע טעריטאָריע און זענען צווישען זיך צונויפגעבונדען מעהר ניט ווי דורך דער דינאַסטיע.

אַזוי איז אָהן אַ שום ספק געװען די לאַגע ביז דער צווייטער העלפט פון פאָריגען יאַהרהונדערט. מאַריע טערעזיאַ איז געווען אַ קעניגין פון אונגאַרן, אַ קעניגען פון בעהמען, אַ הערצאָגין פון שלעזיען וכדומה, נאָר ניט קײן מלכה פון אײן גאַנצער מדינה. זי האָט זיך אפילו געפּרובט בעשאַפען אַ מעהר אײנאַרטיגע מדינה־פערוואַלטונג, נור ערשט איהר זוהן יוסף II האָט געמאַכט אַ ענט־שלאָסענעם נסיון בעשאַפען אַ ײן מאָנאַרכיע, מבטל זיין די שטאַנדעס־פּריווילעגיעס אין אײנצעלנע לענדער און אונטערטעניגען די גאַנצע פאָלקס־מאַסע דער הערשאַפט פון אײן און דער זעלבער ביוראָקראַטיע און אַרמעע. זײן רעגירונג איז אָבער געווען אַ דײטשע, ניט נור מצד די דינאַסטיע, וועלכע האָט בעזיצט דעם דײטשען קעניגליכען טיטול, נאָר אויך דורך דעם, וואָס כמעט אין גאַנצען לאַנד זענען די אינטעליגענץ און די בורזשואַזיע, די נײע העכערע קלאַסען, אין וועלכע ס'האָט זיך גענויטיגט דער „געבילדעטער דעספּאָטיזם", געווען דײטשע. יוסף II האָט זײנס אָבער ניט אויסגעפיהרט: דער פעאָדאַלער פּאַרטיקולאַריזם איז געווען מעכטיגער פון איהם. ערשט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט נעהענטער געמאַכט עסטרײך צום אידעאַל פון אַ אײנהײטליכער מדינה. זי האָט ערשיטערט די גער־מאַנישע אימפּעריע. פראַנץ II האָט זיך ענטזאַגט פון איהר קרוין, וואָס איז שוין סײ ווי סײ גאָרנישט ווערטה געווען, און האָט אָנגענומען דעם טיטול „אימפּעראַטאָר פון עסטרײך" (אין יאָהר 1804). דאָס נײ געשאַפענע עסטרײך האָט עקסיסטירט ניט מעהר פון זעכציג יאָהר. אין יאָהר 1867 ווערט זי שוין מגולגל אין עסטרײך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע, פון וועלכער אײן טײל הײסט אונגאַרן, און דער צווייטער: „פערטראָטענע אין רײכסראַט קעניג־רײכען און קרוינלענדער". דיזער נאָמען צײגט בעווײזט שוין, אויף ווי פיעל עסטרײך איז ווײט פון דעם, אַז זי זאָל זײן אַ נאַ'אײנהײט־ליכע מדינה פון דער נײער צײט.

אין מעטטערניך'ס צײטען איז דער צענטראַליזירטער אַבסאָ־לוטיזם דערגאַנגען ביז דער העכסטער מדרגה. די בעזונדערע

„מלוכות און לענדער" האט צוזאַמענגעבונדען ניט דער דרײַסטער, מענשענפרײַנדליכער, פּראָגרעסיווער דעספּאָטיזם פון יוסף II, נאָר די אונזיניגע און ווילדע סיסטעם פון פּאָליציײַאישען שפּיאָנאַזש, פּאָליציײַאישער אַפּוטרופּסות און דרוק.

געגען דיזען אונערטרעגליכען דרוק זענען אין דער ערשטער העלפט פון 19-טען יאָהרהונדערט אויפגעשטאַנען איינער נאָכ'ן אַנדערן אַלע פעלקער פון עסטרײַך. די איבערגעבראַכטע פאַקטאָרען האָבען אין זײַ ערוועקט אַ נאַציאָנאַלען געפיהל, אַ שטרעבונג צו נאַציאָנאַלע אונאָבהענגיגקײַט און אַחדות און האָבען אַרויסגערופען אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס קיין שום קראַפט האָט זי ניט געקענט אָבשטעלען. זײַ אַלע האָבען געדאַרפט שטרייטען מיט'ן עקסיסטי-רענדען אַבסאָלוטיזם, ווי מיט זייער נאָהענטסטען שונא, נור ניט אַלע האָבען עס געטהון ווי געהעריג.

צווישען די גרויסע מדינה-טהײַלען פון עסטרײַך זענען די סאַמע אָבגעשטאַנענע אין עקאָנאָמישען הינזיכט געווען — אונגאַרן און גאַליציען. מחמת דעם האָט אי דאָ אי דאָרט עקסיסטירט צוזאַמען מיט'ן ביוראָקראַטישען הויף-אַדעל אויך אַ שטאַרקער און בעדײַטענ-דער אַדעל פון גוטס-בעזיצער, וועלכע האָבען שטאַרק געבענקט נאָך יענער גאָלדענער צײַט, ווען די לײַצעס האָבען זײַ געהאַלטען. זײַ האָבען געחלום'ט פון אַ נאַציאָנאַלע מלוכה, וועלכע האָט בע-דײַטעט אין אונגאַרן — ניט נאָר די אונאָבהענגיגקײַט פון די מאַדיאַ-רען, נאָר אויך זייער הערשאַפט איבער די קראָאַטען, רומעניער, סלאָווענער, דאָס גלײַכען אין פּוילען — די הערשאַפט פון די פּאָליאַקען איבער די רוסינען און דײַטשען. די רעאַלע יסודות פון דער היינ-טיגער נאַציאָנאַלער בעוועגונג זענען געווען אויך דורכגעדרונגען מיט משונה'דיגע פעאָדאַלע זכרונות. כל זמן די בעוועגונג איז גע-ווען אין עצם אָפּאָזיציאָנעל, איז אין דער ערשטער שורה געשטאַ-נען די בעפרײַאונג פון דער אייגענער נאַציאָן, בפרט אַז אַזאַ מין בעוועגונג האָט געפונען אַ שטאַרקען מיטגעפיהל בײַ דער מערב-אייראָפּעאישער דעמאָקראַטיע. ס'איז אָבער געווען גענוג יעדער קלענסטער ערפאָלג פון דיזער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, צו אָבוואַרפען און אָבמעקען איהר דעמאָקראַטישע פאַרב און אויפדעקען איהרע רעאַקציאָנערע יסודות. אין דעם קאָפּ פון דער אַלגעמיינער רע-

אַקציעֶ (פון 1815 בִּיז 1845 יאָהר) אִיז דעֶר רעֶאַקציאָנעֶרעֶר חאַראַקטעֶר פון דעֶר בּעֶוועֶגונג, פעֶרשטעֶהט זִיךְ, וועֶנִיג קעֶנטִיג געֶוועֶזעֶן. דעֶר עֶסטרײַכִישעֶר אַבּסאָלוטִיזם האָט נִיט געֶהאַט בכח אפילו אוֹיף אֵיין מאָמעֶנט דעֶרשטִיקעֶן אונגאַרן; און דעֶר אִינגאַרִישעֶר רײַכסטאַג, וועֶלכעֶר האָט זִיךְ געֶהאַל-טעֶן נאָךְ פון דִי פעֶאָדאַלעֶ צײַטעֶן, אִיז דאַמאָלס געֶוועֶזעֶן אֵיינעֶר פון יעֶנעֶ וועֶנִיגעֶ עֶרטעֶר אִין אֵייראָפּעֶ, אִין וועֶלכעֶן עֶס האָט זִיךְ אָפעֶן פּראָקלאַמִירט דאָס רעֶכט פון פעֶלקעֶר אוֹיף פרײַהײַט און זעֶלבּסטפעֶרוואַלטונג.

דִי דײַטשעֶ נאַציאָנאַלעֶ בּעֶוועֶגונג אִיז אוֹיךְ פִיל מִיט היפּוכים און סתירות, נִיט וועֶנִיגעֶר ווִי דִי אונגאַרִישעֶ און פּוילִישעֶ.

אִיבּעֶן האָבּעֶן מִיר שוֹין געֶזעֶהן, אַז דִי דײַטשעֶן זעֶנעֶן אִין עֶקאָ־נאָמִישעֶן זִין געֶוועֶזעֶן נִיט נור דִי פּראָגרעֶסִיווסטעֶ נאַציעֶ פון עֶסטרײַךְ, נאָר זײַ האָבּעֶן אוֹיךְ געֶבִּילדעֶט דִי בּורזשואַזיעֶ און דאָס רוֹב אִינטעֶ־לִיגעֶנץ פון דִי נִיט דײַטשעֶ נאַציעֶס; אַחוץ דעֶם זעֶנעֶן זײַ געֶוועֶזעֶן דִי אֵיינצִיגעֶ נאַציעֶ, וועֶלכעֶ אִיז געֶוועֶזעֶן זעֶהר נאָהעֶנט צו דִי פּאָלִיטִישעֶ און לִיטעֶראַרִישעֶ שטרעֶבּונגעֶן פון פּראָגרעֶסִיוועֶן מִזרח. ובכן, זעֶנעֶן דִי דײַטשעֶן געֶוועֶזעֶן דִי ווִירקלִיכעֶ פאָרשטעֶהעֶר פון בּורזשואַזעֶן לִיבּעֶראַלִיזם, דִי פּראָגרעֶסִיווסטעֶ נאַציעֶ פון דעֶר מאָנאַרכִיעֶ.

נאָר, צוגלײַךְ מִיט דִי אונגאַרן און דִי פּאָליאַקעֶן, האָבּעֶן זײַ פעֶרנומעֶן אַ פּרִיווִילעֶגִירטעֶ לאַגעֶ (בּנוגע צו דִי אִיבּרִיגעֶ נאַציעֶס). דִי לאַגעֶ אִיז געֶוועֶזעֶן אַלץ זִיכעֶרעֶר און בּעֶסעֶר, אַלץ גרִינגעֶר אִיז זִי געֶוועֶזעֶן אֵיינצוהאַלטעֶן, וואָס נעֶהעֶנטעֶר עֶסטרײַךְ אִיז געֶוועֶזעֶן צום אִידעֶאַל פון אַ צעֶנטראַלִיזִירטעֶ אֵיינהײַטלִיכעֶ מדינה. דעֶם אִידעֶאַל האָט מעֶן פּראַקטִיש געֶקענט דעֶרגרײכעֶן, נור אונטעֶרדרִיקעֶנדִיג יעֶדעֶר נאַציאָנאַלעֶ זעֶלבּשטעֶנדִיגקײַט פון אַנדעֶרעֶ פעֶלקעֶר, נאָר דורךְ דעֶר אַבּסאָלוטעֶר העֶרשאַפט פון דעֶר דײַטשעֶר בּיוראָקראַטיעֶ, דײַטשעֶר אַרמײעֶ, דײַטשעֶר פּאָלִיציי. און דִי זעֶלבִּיגעֶ דײַטשעֶן, וועֶלכעֶ האָבּעֶן אַזוי עֶנטשלאָסעֶן געֶקעֶמפט מִיט'ן אַבּסאָלוטִיזם, ווען עֶר פלעֶגט אָנרִיהרעֶן זײַעֶר נאַציאָנאַלעֶן געֶפִיהל, פלעֶגעֶן אִיהם געֶבּעֶן זײַעֶר פולעֶ הסכמה, בעת עֶר פלעֶגט אונטעֶרדרִיקעֶן אַנדעֶרעֶ פעֶלקעֶר. דִי נאַציאָנאַלעֶ בּעֶוועֶגונג פון דעֶר דײַטשעֶר עֶסטרײַךְ אִיז אוֹיךְ געֶוועֶזעֶן נִיט דורכאוֹיס פּראָגרעֶסִיוו: אִיהר אִידעֶאַל אִיז

געלעגען אַ הינטער; פערשטעהט זיך, ניט אין פּאָראַלעלען עבר, נאָר אין דעם בליהונגס־פעריאָד פונ'ם אַבסאָלוטיזם. מיט יוסף II'ס נאָמען איז פאַר דער דייטשער ליבעראַלער בורזשואַזיע געווען פערבונדען ניט נאָר אַנ'אַנגענעהמע און געאַכטעטע ערינערונג פון זכר, נאָר אויך אַ פּראָגראַם פאַר דער צוקונפט.

די לאַגע פון די ניט פּוילישע סלאַווען, אין פערגלייך מיט'ן מצב פון די דייטשען, מאַדיאַרען און פּאָליאַקען, איז געווען גאַנץ אַנדערש. מיר מיינען דאָ אונטער די סלאַווישע פעלקער נאָר די טשעכען, די וויכטיגסטע סלאַווישע נאַציאָנאַליטעט. די טשעכען, ווי די סלאָווענער, קראָאַטען און רוסינען בילדען דעם הויפּט־טייל פון דער אונטערדריקטער מאַסע פון דער בעפעלקערונג*). זייער אונטערדריקטער מצב איז ניט געווען קיין צופעליגקייט. די דאָזיגע נאַציעס האָבען ניט געהאַט קיין הערשענדען קלאַס. זיי זענען בעשטאַנען אויסשליסליך פון קליינבירגער, פּויערים און דעם ענטשטעהענדען פּראָלעטאַריאַט. די הערשענדע קלאַסען פון דער טשעכישער נאַציאָן אין בעהמען זענען פערניכטעט געוואָרען אינ'ם פעריאָד פון „דרייסיג־יאָהריגען קריג' דורך דער האַבסבורגער קאָנטר־רעפאָרמאַציע, און זייער אָרט האָבען פערנומען דייטשען — דייטשער אַדעל, דייטשע העכערע גייסטליכקייט, דייטשע בורזשואַזיע.

די פּאַקטאָרען, וועלכע זענען אָנגעוויזען אין אָנהויב פון דיזען קאַפּיטעל האָבען אויך בעשאַפען צווישען די סלאַווישע פעלקער, איבערהויפּט צווישען די טשעכען, אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וועלכע איז געוואַקסען אָהן אַנ'אויפהער. די הויפּט־טרעגער פון דיזער בעוועגונג זענען געווען די קליין־בירגער און די פּויערים, און זייער סאָציאַלער כאַראַקטער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער בעוועגונג. אַלס אַ בעוועגונג פון קליין־בירגערטום און פּויערטום האָט זי געמוזט זיין אַ דעמאָקראַטישע, דעמאָקראַטישער, לויט איהר אינהאַלט, איידער די בעוועגונגען פון דער דייטשער ליבעראַלער בורזשואַזיע און פון די פּוילישע און מאַדיאַרישע „רעוואָלוציאָנערע" אַגראַריער; אַלס אַ קליין־בירגערליכע אָבער, האָט זי געמוזט זיין נאָך מעהר ניט קיין שטענדיגע, קווענקלענדע, וועניגער פעסטע איידער די איבערי־

---

*) דא בעטראכטען מיר ניט די רומעניער און איטאליענער, וועלכע שטעלען ארויס גאר אנדערע אויפגאבען.

גע איבערמאָנטע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען. אַ קליינבירגער איז, ווי בעוואוסט, אַ פערקערפערטע סתירה — אַ האַלבער קאַפּיטאַליסט, אַ האַלבער פּראָלעטאַריער. זיין לאַגע אין דער היינטיגער מלוכה איז אויך פול מיט היפּוכים: אין פּאָליטיק דאַרף ער בטבע זיין אַ דעמאָקראַט, ווייל נאָר ביי דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטען קען ער בעשיצען זיינע אינטערעסען; ווען די מלוכה-פערוואַלטונג טראָגט אַ כאַראַקטער פון אַבסאָלוטיזם מוז ער זיין אַ רעוואָלוציאָנער. פון דער אַנדערער זייט אָבער, טרייבען איהם זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען זוכען זיינע אידעאַלען אין עבר, און ער ווערט נאַטירליך נויטווענדיג אַ רעאַקציאָנער. ער פיהלט זיך אַט אַלס קאַפּיטאַליסט, אַט אַלס פּראָלעטאַריער, אַט אַלס רעוואָלוציאָנער און אַט אַלס רעאַקציאָנער. מ'דאַרף זיך נור פאָרשטעלען אַ בעוועגונג, אַרויסגערופען פון אַ קלאַס, וואָס איז אַזוי רייך אין סתירות, און ביי די פול-ווידערשפּריכליכע תנאים פון עסטרייך! קיין שום נאַציאָנאַלע בעוועגונג ענטוויקעלט זיך ניט מיט אַ זעלכע ווידערשפּרוכען ווי די טשעכישע! זי איז גרייט אין איין און דערזעלבער צייט שווערען טרייהייט דער ראַדיקאַלסטער דעמאָקראַטיע אין אינערליכער פּאָליטיק און דעם צאַרישען דעספּאָטיזם — אין אויסערליכער; היינט אויפשטעהן אַלס פריי געזאָנענע אין רעליגיעזען זין און מאָרגען געהן האַנד ביי האַנד מיט די יעזואיטען; היינט בילדען די שטאַרקסטע שטיצונג דער פרייהייט, און מאָרגען טהון פּאָליציאישע טובות דעם אַבסאָלוטיסטישען רעזשים; היינט זיין געגען דער מלוכה, און מאָרגען — שקלאַפיש איהר אונטערגעבען זיך.

דערפאַר איז קיין חדוש ניט, וואָס דיזע בעוועגונג האָט אויך געזוכט איהר אידעאַל אין פערגאַנגענהייט. די קליין בורזשואַזיע אַלס אַ קלאַס, וואָס זיין גלענצענדער פּעריאָד איז שוין פערביי, איז פון לאַנג-אָן נוטה צו אידעאַליזירען דעם עבר און זוכען איהר אידעאַל אין די „אַלטע, גוטע צייטען". ניט ווייניגער פון קליין-בירגערטום זיינען דערצו אויך נוטה די היסטאָריקער און יוריסטען פון די קרייזען, פון וועלכע עס ליפערן זיך דאָס רוב מנהיגים פון דער טשעכישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג. זייער שטייגער איז בעגרינדען זייערע פאָדערונגען אויף די אַלטע פּאַרטייטיגע מלוכה-רעכט. די דייטשע פּראָפעסאָרען און אַדוואָקאַטען זעהען דאָך אויך אַיין אין
דער אנטהייל פון דייטשלאנד ווי א נויטווענדיגע רעזולטאט פון

דִי הײַנטִיגֶע פֶערהֶעלטנִיסֶען, נאָר אַ הײַלִיגֶע צִיאָה פוּן באַרבּאַראָסאַ׳ס צײַטֶען*).

פאַר דִי טשֶעכֶען אָבֶער האָבֶּען דִי זכרוֹנוֹת פוּן פֶערגאַנגֶענהײַט גֶעהאַט אַ פִיעל גרֶעסֶערֶע בֶּעדײַטוּנג, אֵיידֶער פאַר דִי דײַטשֶען. פאַר זײ זֶענֶען דִי זכרוֹנוֹת גֶעװעֶן נִיט נוּר אַפאַנטאַס מאַגאָריֶע, פוּן װעֶלכֶער עֶס קאָנֶען נתפּעֶל װעֶרֶען פּאָעֶטֶען אוּן אָראַטאָרֶען, װִי בּײַ דִי דײַטשֶען, נאָר אוֹיך אַ לעֶבֶּענס־קראַפט, װעֶלכֶע האָט אָנגעֶפִיהרט מִיט דִי נִיכטעֶרֶע, רעֶאַלֶע פּאָלִיטִיקֶער.

דִי סבּה דערפוּן אִיז נִיט שװעֶר צוּ בּעֶנעֶהמֶען. שװאַך אוּן פֶערמַכטעֶט אִיז גֶעװעֶן דִי טשֶעכִישֶע נאַציֶע אִין אָנפאַנג פוּן אִיהר הײַנטִיגֶער נאַציאָנאַלֶער בּעֶװעֶגוּנג, אוּן װִי גרוֹיס האָט געֶדאַרפט אוֹיסזעֶהן אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען אִיהר פֶערגאַנגֶענהײַט—דִי צײַט פוּן דִי הוּסִיטֶען, פאַר װעֶלכֶע ס׳האָט גֶעצִיטעֶרט דִי דײַטשֶע מלוּכה,—דִי צײַט פוּן אָטאָקאַר II, דעֶם קעֶנִיג פוּן בּעֶהמֶען, װעֶלכֶער האָט בּעֶהערשט דִי הערצאָגטִימֶער עֶסטרײַך, שלעֶזִיעֶן, קאַרִינטִיֶע, קרײַנאַ, מִיט אֵיין װאָרט, דעֶם גאַנצעֶן חאָר פוּן הײַנטִיגֶער עֶסטרײַך! אוֹיף דאָס נײַ אוֹיפשטעֶלֶען דִי אַלטעֶ מלוּכה פוּן „װעֶנצעֶל׳ס קרוֹין‟ אִיז גֶעװעֶן אַ נוֹיטװעֶנדִיגֶער פאָרבּעֶדִינג, אוּם צוּ מאַכֶען אוֹיף װײַטעֶר לעֶבּעֶנס־פעֶהִיג דִי טשֶעכִישֶע נאַציאָן, אוּן דִי עֶלעֶמעֶנטֶען פאַר דִיזעֶר מלוּכה האָבּעֶן נאָך עֶקסִיסטִירט. עֶסטרײַך אִיז נאָך דאַמאָלס װײַט גֶעװעֶן פוּן זײַן אֵיין גאַנצעֶם. ס׳האָבּעֶן נאָך עֶקסִיסטִירט דאָס הערצאָגטוּם שלעֶזיעֶן, דִי גראַפעֶנשאַפט מעֶהרעֶן, אוּן דער עִיקר, דאָס קעֶנִיגרײַך בּעֶהמֶען. ס׳האָט נאָך עֶקסִיסטִירט דער לאַנדטאַג פוּן בּעֶהמֶען; מ׳האָט מעֶהר נִיט גֶעדאַרפט מאַכֶען אִיהם אוּנאָבּהעֶנגִיג פוּן דער צעֶנטראַלֶער מאַכט, פֶערנעֶהמֶען אִין אִיהם אַ שטאַרקֶע פּאָזִיציֶע, אוּן — דער יסוֹד צוּ אוֹיפבּוֹיעֶן דִי אַלטעֶ הערשאַפט אִיז גֶעלעֶגט. שטרעֶבּעֶנדִיג צוּ מאַכעֶן דעֶם לאַנדטאַג אוּנאָבּהעֶנגִיג פוּן דער צעֶנטראַלֶער מאַכט, האָבּעֶן זִיך דִי טשֶעכֶען בּעֶגעֶגעֶנט מִיט׳ן פעֶאָדאַלעֶן אַדעֶל, װאָס האָט גֶעהערשט אִין דעֶם שטאַנדס־לאַנדטאַג—דִי ירוּשה פוּן פעֶאָדאַלעֶר צײַט. אָט אַזוֹי האָט דאָס בּעֶהמעֶר שטאַאַטס־רעֶכט גֶעבּוֹיט אַ בּרִיקֶעל צװִישֶען דער טשֶעכִישֶער נאַציאָנאַלֶער בּעֶװעֶגוּנג

---

*) פרִידרִיך באַרבאַראָסאַ-אַ מִיטעֶלאַלטערלִיכער דײַטשער קיסר, העֶלד פוּן פִיעל פאָלקס־פאַנטאַזִיעֶן.

אין דעם פּעדאַלען אַדעל. צײַטענווײַז, ווען דיזער פערבאַנד פלעגט אָננעהמען אַ מעהר דעמאָקראַטישען כאַראַקטער, פלעגט ער זיך פינאַנדערגײַסען, נאָר פריהער אָדער שפּעטער, ווי ס׳פלעגט נאָר האַלטען בײַ אַ געפעכט מיט די ליבעראַלע דײַטשען אָדער מיט׳ן צענטראַליזם, פלעגט ער איבער־אַנײַס אויפלעבען. דער פעאָדאַלער און נאַציאָנאַלער פּאַרטיקולאַריזם האָבען אײנער דעם אַנדערן די האַנד געגעבען.

און אַט אַזוי בעגעגענען מיר אין עסטרײַך אַ רײַהע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, פון וועלכע יעדערע ווערט פון אײן זײַט אַרויסגערופען און בעשטימט דורך געגענוואַרטיגע פאַקטאָרען, האָט אַ וואָרצעל אין לעבען — און אין דעם איז איהר כח, און פון דער אַנדער זײַט שטרעבט זי צו פערווירקליכען איהרע ציעלען אין פאָרמען, וועלכע געהערען צום עבר, וועלכע האָבען שוין ניט קײן שום לעבענס־קראַפט, אין פאָרמען וואָס אָדער זײ טויגען להלוטין ניט, אָדער זײ וואָלטען געקאָנט אין משך פון וואָסער עס איז צײַט דורכגעפיהרט ווערען דורך געוואַלט־מיטלען, וועלכע מוזען גיך פערליערען זײער קראַפט. אויף וויפיעל די נאַציאָנעלע בעוועגונגען אין עסטרײַך זענען לעבענספעהיג, אויף אַזוי פיעל זענען לעבענס־אונפעהיג זײערע ציעלען. דאָס איז די סתירה, פון וועלכער עס לײַדט די ענטוויקלונג פון דיזער מדינה אין לעצטען יאָהרהונדערט, און פון וואַנען עס נעהמט זיך אָהן אַ שׂים ספק איהר איצטיגע לאַגע.

כל זמן דער אַבסאָלוטיזם האָט אונטערדריקט אַלע פעלקער, פלעגט זיך די דאָזיגע סתירה ניט גאָר קלאָר אַרויסבעווײַזען; זי האָט זיך, פערקעהרט, גלײַך אַרויסגעזאָגט, ווי נאָר ס׳האָט אויפגעהערט דער דרוק. אין די מערץ־טעג פון 1848 יאָהר האָבען די דײַטשען און די אונגאַרען אַראָבגעשלײַדערט דעם יאָך פון מעטערניך׳ס ממשלה. דאָס זעלבע האָבען געטהון די סלאַווען. נאָר די, וועלכע האָבען ערשט געקעמפּט פאַר דער דײַטשער און אונגאַרישער פרײַהײַט, האָבען זיך תיכף נאָך זײער נצחון גענומען דערשטיקען די סלאַווישע אונאָבהענגיגקײַט. ס׳האָבען זיך געפונען ליבעראַלע דײַטשען, וועלכע האָבען בעט׳ן סלאַווישען קאָנגרעס אין פּראָג אײַנגעלאַדען ווינדישגרעץ׳ן אָננעהמען ענטשלאָסענע מיטלען קעגען די טשעכען, וועלכע האָבען בעגריסט די באָמבאַרדירונג

פון פראָג פונקט מיט דער זעלבער שמחה, מיט וועלכער זיי האָבען נִיט לאַנג בעגריסט די ערקלערונג פון קריעגס־צושטאַנד. נאָך דער זעלבער ווינדישגרעץ, פון וועלכען די טשעכען האָבען ערשט אַזוי געליטען, האָט ערוואָרבען די סימפּאַטיען פון די לעצטע, ווי נאָר ער איז אַרוים געגען וויען, כדי צו צוטרעטען די דייטשע פרייהייט. די זעלבע האַרמאַטען, וואָס האָבען נאָר־וואָס באָמבּאַר־דירט פּראָג, זענען פון איהרע איינוואָהנער מיט בלומען בעקראַנצט געוואָרען, ווען זיי זענען אַוועק באָמבּאַרדירען וויען.

דערצו זענען נאָך צוגעקומען די פּאַסירונגען, וואָס האָבען זיך פונאַנדערגעשפּיעלט אין אונגאַרן. די נייע נאַציאָנאַלע הער־שאַפט אין פּעשט (די הויפּט־שטאָדט פון אונגאַרן) האָט פאַר אַ התחלה גענומען זיך צו פעראייניגען פערשיעדענע טיילען פון דער אַלטער „סטעפאַנ׳ס קרוין" און מורא׳דיג צו אונטערדריקען די נִיט־מאַדיאַרישע פעלקער פון דער אַלטער אונגאַרישער מלוכה — די רומעניער, סערבען, קראָאַטען. און ווען די לעצטע האָבען זיך נִיט געלאָזט טרעטען מיט די פיס, האָבען די אונגאַרען מאָבּיליזירט אַנ׳אַרמעע, כדי דערשטיקען די סלאַווישע שטרעבונג צו אונאָבּ־הענגיגקייט. עס האָט זיך אַריינגעמישט דער וויענער הויף, וועלכער האָט, פערשטעהט זיך, געהאַלטען דעם צד פון די קראָאַטען, ווייל זיי זענען שונאים פון די אונגאַרען. דער סכסוך צווישען דעם וויע־נער הויף מיט די „ווידערשפּעניגע" אינגאַרען האָט זיך דורכדעם פונאַנדערגעוואַקסען אַזוי, אַז ער האָט סוף כל סוף געבראַכט צו נידערלעגונג פון דער האַבסבורגער דינאַסטיע. נאָך די קראָאַטען אונטער דער אָנפיהרונג פון יעלאַטשיץ זענען געוואָרען שטאַרקע אָנהענגער פון דער רעאַקציע. אין חברותא מיט׳ן היל פון ווינדיש־גרעץ האָבען זיי געצוואונגען וויען זיך אונטערגעבען. מיט אונגאַרן האָט זיך די רעאַקציע צורעכענט מיט דער היל פון רוסלאַנד.

וואָס עס האָט נִיט דערענדיגט דער אויפשטאַנד פון 1848 יאָהר, האָבען געענדיגט ענדיגען ביסמאַרק און נאַפּאָלעאָן III. אין די מלחמות פון 1859 און 1866 יאָהרען האָבען זיי בייז׳ן גרונד צוטרייסעלט דעם עסטרייכישען אַבסאָלוטיזם. דער רעש פון די האַרמאַטען ביי סאָלפערינאָ און קעניגגרעץ האָט געבראַכט די בשורה פונ׳ם ליבעראַלען רעזשים. דער ליבעראַליזם איז, פערשטעהט

זיך, געווען גאַנץ צוויפּעלהאַפט, ווייל ער האָט זיך לכתחלה ענטזאָגט מאַכען פון עסטרייך אַ פאָלקאָם מאָדערנע מלוכה. דער נייער צענטראַלער פּאַרלאַמענט איז געווען געגרינדעט אויף אַ וואַהל־רעכט, ניט נאָר ניט קיין אַלגעמיינעם, נאָר אפילו ניט קיין גלייכען: דאָס וואַהלרעכט איז געווען געבויט אויף פעאָדאַלע יסודות און האָט נאָך איינגעהאַלטען דעם סדר פון די וואַהלען לויט די שטאַנדען. לכתחלה איז דער צענטראַלער פּאַרלאַמענט געווען נאָר אַ עקזעקוטיווער אָרגאַן פון די בעזונדערע לאַנד־טאַגען, פון וועלכע ער פלעגט אויסגעקליבען ווערען. ערשט אין 1873 יאָהר זענען איינגעפיהרט געוואָרען דירעקטע וואַהלען אין בעזונדערע וואַהל־קרייזען. עסטרייך איז ניט נאָר קיין דעמאָקראַטישע, נור אפילו קיין בורזשואַזע מלוכה נאָך ניט געוואָרען. — ווי געמיין ס'איז אָבער ניט געווען דיזער ליבעראַליזם, האָט ער דאָך געמוזט געבען די פעלקער פון עסטרייך לכל הפחות חאָטש אַ שטיקעל פערקעהרס־פרייהייט. און דאָס גופא הייסט שוין, אַז יעדער ווייטערדיגער טראָט פונ'ם דייטשען צענטראַליסטישען ליבעראַליזם איז אַ טראָט צום קבר.

די הערשאַפט פונ'ם דייטשען צענטראַליסטישען ליבעראַליזם פאַנגט זיך אָן מיט'ן אָבזאָגען זיך פון דער איינהייט פון עסטרייך־אונגאַרן. ס'איז אַנערקענט געוואָרען די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער אונגאַרישער מלוכה, און דאָס בעדייטעט במילא ניט נור די זעלבסט־שטענדיגקייט פון דער מאַדיאַרישער נאַציאָן, נור אויך איהר הערר־שאַפט איבער די רומעניער, סלאַווען און דייטשען. די דייטשע ליבעראַלען האָבען עס גערעכענט פאַר אַ זיכערען מיטעל, כדי פונאַנדערבינדען זיך די הענד און „מאַכען אַ טאָלק" מיט די מערב־עסטרייכישע סלאַווען.

נאָר ניט קוקענדיג אויף אַלע צוואַנגס־מיטלען, איז דאָך די דייטשע בורזשואַזיע ניט געווען בכח בייצושטעהן דעם פּעראייניגטען דראַנג פון פעאָדאַלען אַדעל, קלייןבירגערליכע פויערשע עלעמענ־טען אין די אַלפּען־לענדער און סלאַווען. די טיראָלער, דאַלמאַטען און פּאָליאַקען האָבען געמאָנט בעזונדערע רעכטע; די לעצטע האָבען זיך בּיסלעכווייז דערשלאָגען כמעט אַ פאָלקאָמע אויטאָנאָמיע פון גאַליציען, ד. ה., אויך אַקוראַט ווי אין אונגאַרן, ניט נאָר די

זעלבשטענדיגקייט פון דער אייגענער נאַציאָן, נור אויך איהר הערשאַפט איבער אַנ'אַנדערער — איבער די רוסינען.

די דייטשע בורזשואַזיע האָט אָנגעווענדעט אַלע איהרע כחות אויף פערניכטען די טשעכישע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, די וויכטיגסטע און געפעהרליכסטע פאַר איהר. דאָס ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס בעהמען איז געווען די רייכסטע לאַנד פון מאָנאַרכיע, און די פריווילעגיע צו עקספּלואַטירען זי האָט געהערט דער דייטשער בורזשואַזיע. בייקומען די טשעכען איז איהר אָבער ניט בעשערט געווען. אין דעם שטרעבען פערקנעכטען זיי האָט די דייטשע בורזשואַזיע געפּטרט איהרע בעסטע כחות. ווען זי זאָל זיך פעראייניגען מיט דער טשעכישער דעמאָקראַטיע, וואָלט זי געקענט אַראָבוואַרפען די רעסטען פון פעאָדאַליזם און אַלייןהערשאַפט. פערקעהרט־זשע, דער קאַמפף פון דעם דייטשען בורזשואַ מיט׳ן טשעכישען האָט נור פערשטאַרקט די פעאָדאַל־קלעריקאַלע רעאַקציע.

אין סוף פון 1870 יאָהר איז שוין דער דייטשער ליבעראַליזם געווען מאַכטלאָז, און די אַלטע עסטרייכישע רעגירונגס־סיסטעם וואָלט געקענט איבער אַ נייס רוהיג אָנהייבען אַרבייטען, ווען ניט די עקשנים — טשעכען, וועלכע פלעגען ענערגיש ווידערשטעהן דער ווינער צענטראַלער רעגירונג. זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו מאָנען די פערווירקליכונג פון זייער שטאַאַטס־רעכט, ד. ה., אַז די לענדער פון „ווענצעל'ס קרוין״ — בעהמען, מעהרען און שלעזיען — זאָלען, גלייך ווי אונגאַרן, ווערען אונאָבהענגיג. זערביי האָבען זיך די טשעכען אַלס אַ שטענדיגע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי אַרויסגעוויזען זעהר דעמאָקראַטיש. דער מיניסטער טאַאַפע מיט זיינע אַלטע דרכים אין נייע רמאות, האָט זיך אפילו געפּרובט זיי אונטערקויפען: מיט כח איינשמילען זיי האָט מען שוין ניט געקאָנט. איהם האָט זיך טאַקע איינגעגעבען דורך איניגע קאָנצעסיעס אָבשלאָגען די מעהרהייט פון די טשעכישע פּאָליטיקער, די אַלטטשעכען, סיי פון זייערע שטאַאַטס־רעכטליכע, סיי פון זייערע דעמאָקראַטישע שטרעבונגען. נאָר די טשעכישע נאַציאָן האָט זיך ניט געלאָזט אונטערקויפען דורך געלד מתנות, טאַאַפע האָט אויסגעפיהרט מעהר ניט, אַז די אַלטע טשעכען האָבען אין גאַנצען

באַנקראָטירט, און אין אָנפאַנג פון די נײַנציגער יאָהרען זענען זײַ אינגאַנצען אַרויסגעשטויסען געוואָרען דורך די ראַדיקאַלע יונג־טשעכען.

מיט דעם האָט זיך טאַאַפע׳ס לאַנד־חכמה זיך געשעפּט. מיט די מיטלען, וועלכע די עסטרײַכישע רעגירונגס־קונסט האָט ביז איצט אָנגעווענדעט, האָט מען שוין מעהר די מדינה־איינהייט פון עסטרײַך ניט געקענט אונטערהאַלטען. מ׳האָט געמוזט אויספּרובירען אַ נײַעם וועג; דאָס, וואָס פּעראייניגט דײַטשלאַנד, האָט אויך געדאַרפט פּעראייניגען די „קרוין־לענדער": טאַאַפע האָט געוואָלט אײַנפיהרען דאָס אַלגעמײַנע וואַהל־רעכט, וועלכע האָט אויך געדאַרפט ברענגען דערצו, אַז דער מעכטיגער שטראָם פון דער אַלץ־וואַקסענדער פּראָלעטאַרישער בעוועגונג זאָל אָנהויבען פליסען רוהיגער און שטילער.

דאָס קאָאַליציאָנס־מיניסטעריום האָט בעוויזען, אַז רעגירען עסטרײַך געגען דעם ווילען פון די טשעכען איז שוין מעהר ניט מעגליך, און באַדעני׳ס גורל האָט געוויזען—אַז נאָך ווייניגער קען מען רעגירען די דײַטשען להכעיס. גויטש׳ס מיניסטעריום וועט, אַ פּנים, בעשערט זײַן דיענען פאַר אַ בעווייז, אַז בײַ די עקסיסטירענדע יסודות קען מען אויך ניט רעגירען גלײַכצײַטיג די טשעכען מיט די דײַטשען.

וואָס־זשע וועט איצט זײַן? אין עסטרײַך, אַ פּנים, קומט שוין אָן דער סוף פון דער גאַנצער פּאַרלאַמענטאַרישער פּערוואַלטונגס־קונסט, און פיעלע האָבען שוין מורא, דער אַבסאָלוטיזם זאָל צוריק ניט לעבעדיג ווערען. אַנ׳אומזיסטער פחד! דער אַלטער צענטראַליזירטער אַבסאָלוטיזם איז אונמעגליך אין דער הײַנטיגער, הויפּטזעכליך סלאַווישער, עסטרײַך. דער אַבסאָלוטיזם, וועלכער בעשטעהט אין דעם, אַז די וויענער ביוראָקראַטיע זאָל רעגירען מיט דער גאַנצער מדינה ניט צוזאַמען דורך איין פּאַרלאַמענט, נאָר דורך 17 לאַנדטאַגען—אַזאַ אַבסאָלוטיזם איז אַנ׳אַבסורד. אויב די עסטרײַכישע מאָנאַרכיע וויל ניט האַלטען אָפען די טהיר פאַר אַלע סעפּאַראַטיסטישע שטרעבונגען, וועט זי אַזוי, ווי די גערמאַנישע איפּעריע, זיך ניט קענען בעגעהן אָן אַ צענטראַלען פּאַרלאַמענט.

דאָס אַליין אַפילו, ניט רעדענדיג פון אַנדערע פאַקטאָרען,

וועלכע דערלאָזען ניט קיין אַליינהערשענדען רעזשים, מאַכען איהם איצט אין עסטרייך לחלוטין אונמעגליך. לעזען די אַלע איצטיגע שוועריגקייטען דורך דאָס אַריינמישען זיך פון אויסערליכע קרעפטע איז איצט פונקט אַזוי אונמעגליך, ווי דורכ'ן אַבסאָלוטיזם. אין עסטרייך זענען פאַרהאַן דייטשען, וועלכע זענען נאָך גענוג המימות'דיג צו גלויבען, אַז זייערע ברידער פון אימפעריע וועלען זיך אַריינמישען און העלפען אָבוועהרען דעם סלאַווישען דראַנג. אין גערמאַניע גופא אָבער ליגען אַזוינע חלומות קיינעם אין זינען ניט.

דער „נייער קורס" אין גערמאַניע איז בלי ספק זעהר נוטה צו אַוואַנטיורעם. ער האָט קיין מורא ניט, צוליעב איין קויהלען־סטאַנציע אויפרודערן די גאַנצע מורח־אַזיאַטישע פראַגע און שטעלען אין קאָן דעם אַלגעמיינעם שלום. דערביי בראַקירט ער ניט מיט מיטלען, גאַנץ עהנליכע צו די, מיט וועלכע עס האָט זיך בענוצט דער מפורסם'דיגער ענגלענדער דזשעמסאָן*). ס'איז אפילו פאַרהאַן אַ גרויסע נפקא־מינה צווישען דעם אָנפאַל אויף טראַנסוואַל און פערהאַפען קיאַאָ־טשאַאו. אין טראַנסוואַל האָבען מיר אַ פריוואַטע אונטערנעהמונג פון אַ קליינעם הייפעלע אַוואַנטיורעם־מאַכער, וועלכע האָבען ערוואַגט צו אָנפאַלען אויף אַ שונא, וועמענס קענען בעגעהן זיך מיט געוועהר האָבען שוין די ענגלענדער ניט איין מאָל אויף זיך אויסגעפרובירט. ביים פערהאַפען קיאַאָ־טשאַאו האָבען מיר אַ ג'עסק מיט אַנ'אָפיציעלע אונטערנעהמונג פון אַ גרויסער און אַ שטאַרקער מלוכה געגען אַ מלוכה'לע, וואָס איהר שוואַכקייט און שוטצלאָזיגקייט זענען געוואָרען כמין משל. ווען מיר וואָלטען וועלען רעדען פון טאַפפערקייט, קען שוין עס גיכער געהן אויף דזשעמסאָן'ס אָנפאַל.

נור דאָס איז מעהר ניט דרך אגב. ווי הויך מיר זאָלען ניט אָבשאַצען די דורשט פונ'ם נייעם קורס צו שווינדלעריי'ען, איז ער דאָך פונדעסטוועגען ניט אויף אַזוי פיעל אומגעלומפערט אום אַריינצוטרעטען אין עסטרייך, כדי העלפען שטעלען זיך אויף די פיס דעם גערמאַניזם, וועלכער האָט—אַ חוץ גאָט—פאַר קיינעם

*) דער וואס איז אנגעפאלען אויף טראנסוואל.

קיין מורא ניט. שוין ניט רעדענדיג דערפון, וואס די עסטרייכישע מאנארכיע האט נאך גענוג כח אום צו ווערען זיך, וואס ניט נאר די סלאווען, נאר אויך די דייטשען פון די אלפען־לענדער וועלען פערצווייפעלט מיט די לעצטע כחות בעשיצען זייער אונבעריהר־בארקייט, ניט רעדענדיג פון דעם, וואס יעדער נסיון צו רויבען די זעלבסשטענדיגקייט פון עסטרייך וואלט ארויסרופען אן'אימה־דיגע וועלט־מלחמה—וואס וואלט דא אין בעסטען פאל געווינען פרייסען־דייטשלאנד? אריינברייננגען צו זיך א זעלכע עלעמענטען, וואס וואלטען סוף כל סוף מבטל געווען די גאנצע פרייסישע העגעמאניע אין אימפעריע. און צוליעב דעם זאל דאס די פרייסישע רעגירונג וועלען אונטעררייסען א געזעצליכע קרוין? ס'זענען שוין א וועק די צייטען, ווען די פרייסישע רעגירונגען האבען ריזיקירט צו בענוצען זיך מיט אזוינע רעוואלוציאנערע מיטלען.

די עסטרייכישע דייטשען האבען גארנישט וואס צו ווארטען פון די גערמאנישע דייטשען, חוץ מאראלישען צארן פון איניגע שרייבער און רעדנער. די האפנונגען פון די ערד־ריטטער זענען ניט מעהר ווי חלומות, וועלכע זאגען עדות איף דער פערפלאנ־טערטקייט פונ'ם מצב. קיין אויסוועג פון לאבירינט ווייזען זיי ניט. אויב ס'איז נאר מעגליך ביי'קומען די היינטיגע שוועריגקייטען, איז סיידען פון אינווענינ, ניט פון אויסערן.

---

## II.

אין וואס בעשטעהט די גאנצע שווערקייט פון דער איצטיגער לאגע? אין דער סתירה, וועלכע ליגט צווישען די לעבענספעהיגע נאציאנאלע בעוועגונגען און די מאכטלאזע, אבגעלעבטע פארמען, צו וועלכע זיי שטרעבען. די נאציאנאלע בעוועגונגען אין עסטרייך שטרעבען צו דערגרייכען און בעפעסטיגען ניט אזוינע פארמען, וועלכע זאלען גאראנטירען די זעלבסשטענדיגקייט פון די נאציעס, נאר אזעלכע, וואס זענען פעסט צונויפגעבונדען מיט דער אונזעלבּ־שטענדיגקייט פון בעזונדערע נאציעס אדער טיילען פון נאציעס. אזוי טהוען די פאליאקען, דייטשען, אונגארען און טשעכען. די

פערווירקליכונג פונ׳ם משעכישען שטאַטס־רעכט בעדייטעט ניט נאָר די זעלבשטענדיגקייט פון די טשעכען אין בעהמען, מעהרען און שלעזיען, נאָר אויך זייער הערשאַפט איבער׳ן דייטשען מיעוט אין דיזע לענדער. און דאָס איז די הויפט־סבה פון דעם, וואָס עס האָט זיך פונאַנדערגעברענט איבער גאַנץ עסטרייך ביי אַלע דייטשען זייער ניט לאַנגאָניגע שנאה צו די טשעכען. דער בעפעהל וועגען די שפּראַכען איז אַליין פאַר זיך אַ גאַנץ אונשולדיגע זאַך, וועלכע איז טעלוויז מסוגל צו אויסבעסערונג, און אפילו אין זיין איצטיגען געשטאַלט איז ניטאָ קיין שום סכנה פאַר דער דייטשער נאַציע. מ׳האָט איהם אָבער אָנגענומען פאַר אַ קול מבשר פון דער בעהמישער מלוכה, אַ התחלה פון איבערגעבען די דייטשען אין בעהמען דער איבערהאַנד פון די טשעכען, און דערפאַר האָט עס אויסגעבראָכען אַזאַ שטורם. און באַדעני מיט זיין חיטרען נסיון איינצושטילען, האָט אויף אַזוי פיעל דעם שטורם פערגרעסערט, אַז דער לעצטער האָט אומגעשטירצט דעם פוילישען גראַף אַלבסט.

דער צענטראַליזם איז שוין אין עסטרייך אונמעגליך. עסטרייך קען נאָך עקסיסטירען נאָר אַלס אַ פעדעראַטיווע מדינה. נאָר דער פעדעראַליזם פון די אַלט־פרענקישע „היסטאָריש־פאָליטישע אינדיווידואַליטעטען", דער פעדעראַליזם פון היסטאָרישע מלוכות און לענדער איז שוין אויך לעבענס־פעהיג ניט מעהר, איידער דער צענטראַליזם.

ס׳בלייבט נאָר איין וועג: פעדעראַליזם פון נאַציאָנאַליטעטען, מבטל זיין די טראַדיציאָנאַלע פּראָווינץ־גרענצען, בעניינען עסטרייך אויפ׳ן יסוד פון די שפּראַכען־פערשידענהייטען.

די פיהרער פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבען געוואוסט, וואָס זיי טהוען, בעת זיי האָבען מבטל געווען אַלע אַלטע פּראָווינץ־גרענצען און איינגעפיהרט אַ נייע איינאָרדנונג אין פאָרם פון דעפּאַרטאַמענטען. מיט דעם האָבען זיי בעשאַפען פאַר דער מדינה־איינהייט דעם שטאַרקסטען פונדאַמענט, האָבען איין מאָל פאַר אַלע מאָל גע׳פטר׳ט דעם פעאָדאַלען פּאַרטי־קולאַריזם, האָבען בכלל צוגענומען ביי די פעאָדאַלע זכרונות זייער סאַמע פעסטען שטיצפונקט.

אַזאַ מין בענייאונג מוז איצט אויך האָבען עסטרייך. אַ סוף

צו דעם פעאָדאַלען פעקעל פון שטאַאטס־רעכט, וועלכע שטעלען אין אונמעגליכע בעדינגונגען די היינטיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען; אַ סוף צו די טעריטאָריאַלע גרענצען, וועלכע צוברעכען גאַנצע נאַציעס, אַראָב די גרענצען, וועלכע שמידען צונויף בעזונדערע נאַציעס און בריינגען צו האַס און פיינדשאַפט צווישען אַזעלכע פעלקער, וועמענס געמיינזאַמע אַרבייט, ביי פּריהייט און גלייכבערעכטיגונג, וואָלט געקענט מאַכען עסטרייך פאַר איינע פון די סאַמע קולטורעלע מדינות, און וועמענס מחלוקת שטערט און פערהאַלט יעדען פּראָגרעס.

אפילו די דייטשען הויבען שוין דאָס אָן צו פערשטעהן און פּרובען זיך אַרויסשטעלען די פאָדערונג פון צוטיילען בעהמען אַדמיניסטראַטיוו אויף 2 געגענדען: דייטשע און טשעכישע. יעדער געגענד זאָל האָבען זיין שפּראַך אין די שוהלען און איינריכטונגען מיט אַ אייגענער פערוואַלטונג. נאָר די ביידע געגענדען דאַרפען בילדען דעם בעהמישען לאַנדטאַג מיט 2 קוריעס, וועלכע וואָלטען טאָרמאַזירען איינע דער אַנדערער די אַרבייט, ווי די דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע און די הערען־פּאַלאַטע. דאָס איז געוועזען דער יסוד פון'ם שלום, וועלכע עס האָבען געשלאָסען די דייטשען און די אַלט־טשעכען ביי דער פערמיטלונג פון טאַאפע'ם מיניסטעריום אין 1890 יאָהר, וועלכער איז אָבער צושטערט געוואָרען דורכ'ן ער־פאָלג פון די יונג־טשעכען. דיזער שלום־אָבמאַך איז אַ לאַטע אויפ'ן ריין־עסטרייכשען שטייגער. די רעפאָרם שטעלט זיך מיט מורא אָב פאַר'ן שאָטען פון'ם לאַנג פערשטאָרבענעם בעהמישען קעניגטום. די צוואַנגס־פעראייניגונג פון די טשעכען מיט די דייטשען אין אַנ־אַלגעמיינע פערוואַלטונג האַלט זיך אויף ווייטער, דער שאַרפער מיטעל, די קוריעס, וואָס פּאַסט אַקוראַט צו דער פעאָדאַלער צייט, ווערט געערבענט פאַר אַ נייע ערפינדונג, און אַנשטאָט דערנעהענ־טערען זיך אויף אַ שריט צו היינטיגער איינהייטליכער מדינה, קריכט מען צוריק צום פעאָדאַלען פּאַרטיקולאַריזם.

די היינטיגע איינהייטליכע מדינה קען זיך גוט איינלעבען מיט אַ ברייטע זעלבסטפערוואַלטונג פון זיינע איינצעלנע טיילען, אָבער נאָר מיט אַזאַ זעלבסטפערוואַלטונג, וועלכע גיט גלייכע רעכט אַלע טיילען. טיילען אָבער בעהמען אויף 2 חלקים בעדייטעט נאָר נייע

פּריווילעגיעס פאַר בעזונדערע שיכטען פון דער בעפעלקערונג אין אַ איינצעלנער פּראָווינץ. פון אַזאַ רעפאָרם ביז אָרגאַניזירען עסט־רייך אויפ'ן יסוד פון נאַציאָנאַליטעטען איז אַזוי ווייט, ווי עס איז ווייט פון אַ פינפטע קוריע ביז דער אידעע פון איין פּאַרלאַמענט אויפ'ן גרונד פון אַלג., גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַהל־רעכט. דאָס וואָלט טאַקע גאַראַנטירט די דייטשען אין בעהמען פון דער איבערהאַנד פון די טשעכען, נאָר אפילו אין בעהמען וואָלט עס ניט מאַכען קיין סוף צו די נאַציאָנאַלע קריגערייען. די ביידע קוריעס וואָלטען געווען גענוג שטאַרק, אום צו מאַכען איינע די אַנדערע אונבעדייטענד. און די פראַגע וועגען טשעכען אין מעהרען און שלעזיען, די רוסינען אין גאַליציען, איטאַליענער אין טיראָל, סלאַווען אין שטיריע און קאַרינטיע — וואָלט בלייבען ניט געלעזט, ווי געוועזען. און אַלץ ווייטער וואָלטען געבליעבט די פונקען פון נאַציאָנאַלען שאָוויניזם, וואָלטען איבער אַ נייעם אויפגעפלאַקערט, פונאַנדערגעברענט זיך און וואָלטען פערצוינען די איצטיגע לאַגע אָהן אַ שיעור.

די דייטשען דאַרפען אָבגעטיילט ווערען פון די טשעכען אין בעהמען; מ'דאַרף זיי אָבער אין גאַנצען צוטיילען, און ניט צוזאַמענעהמען זיי נאָך אַ מאָל אין איין לאַנדטאַג. צוליעב דעם מוז מען אַלע געגענדען מיט טשעכישער שפּראַך אין בעהמען, שלעזיען, מעהרען, אַלע געגענדען, וועלכע שליסען זיך צווישען זיך, פעראייניגען אין אויטאָנאָמיע קרייזען אויף די זעלבע רעכטליכע יסודות, ווי דער דייטש־בעהמישער דעפּאַרטאַמענט אָדער קאַנטאָן. דאָס זעלבע דאַרף מען אויך טהון אין אַנדערע פּראָווינצען, וואו די בעפעלקערונג רעדט אויף פערשידענע לשונות.

נור אַזאַ מין אַ ל ז ײ ט י ג ע און פּ ר י נ צ י פּ י ע ל ע לעזונג פון דער שפּראַכען פראַגע — וואָלט געקאָנט געבען עסטרייך אַ נאַציאָנאַלען שלום. זי וואָלט ניט מבטל געווען תיכף ומיד די טראַדיציאָנעלע, טיעף איינגעוואָרצעלטע היפוכים, זי וואָלט אויך ניט בעזייטיגען די נאַצ. פראַגען פון אַ קלענערע בעדייטונג, ווי כדומה למשל, די פראַגע מכח איינטיילען די שפּראַך־געגענדען, אָדער מכח דעם נאַציאָנאַלען מיעוט אין קליינע ערטער, (ווי די דייטשען אין פּראָג און די טשעכען אין ווין); נאָר דיזע אַלע פראַגען וואָלטען ניט

געקאָנט שטערען און וואָלטען געמיזט אָבטרעטען אָן אַ זיט פאַר־
וויכטיגע אַלגעמיינע מלוכה־פראַגען, וועגען פּאָליטישע און סאָציאַלע־
רעפאָרמען. זיי וואָלטען ניט געהערשט אין אַלגעמיינעם פּאָליטישען־
לעבען און וואָלטען איהם ניט געשטערט.

פון וואַנען־זשע דאַרף אָנקומען דער כח, וואָס זאָל אַזוי־
לעזען די נאַציאָנאַלע פראַגע? די פעדעראַל־קלעריקאַלע עלעמענטען,
וועלכע זענען איצט די הויפּט־בעלי־בתים אין עסטרייך, וועלען
מיט אַלע כחות זיין געגען אַזאַ לעזונג, ווילענדיג זיך האַלטען שטייף־
אָן דאָס אַלטע; זיי ווילען אויסנוצען דערצו דעם גאַנצען כח פון־
זייערע צייהן און נעגעל, — די נאַציאָנאַלע שנאה אונסעפּאַראַטיסטי־
שע טראַדיציעס זענען דאָך אַ פעסטער פונדאַמענט פאַר זייער פאַבט.
די פיינדליכע נאַציעס דאַרפען זיך פעראייניגען אַרום דער צוועק־
מעסיגער לעזונג פון דער שפּראַך־פראַגע, כדי האָבען די מעגליכקייט
אָנוואַרפען דיזע לעזונג דער פעדעראַל־קלעריקאַלער מאַכט. נאָר גוטע־
האָפענונגען אַליין זענען אָבער צו דעם וועניג. קיין נאַציע האַלט ניט
ביי'ם אָבטרעטען אַ טראָט־ערד, זיי זענען אַלע גלייך וויט פון אַנער־
קענען גלייכע רעכט פאַר אַלעמען. די זעלבע דייטשען, וועלכע
פאָדערן די חלוקה פון בעהמען אויף צוויי טיילען, וואָלטען
געשוועזען העכסט אין כעס, ווען זיי זאָלען דאַרפען טיילען שלעזיען
אויף 3 חלקים — דייטשע, פּוילישע, און טשעכישע, אָדער צוטיילען
אויף 2 טיילען שטיריע און קאַרינטיע און פעראייניגען די סלאַווישע־
טיילען פון די פּראָווינצען מיט קריינאַ צוזאַמען אין איין פּראָווינץ
פון סלאַווישער שפּראַך.

די פּאָזיציע, וואָס די קליין־בורזשואַזיע מיט'ן קליין־פּויערטום־
פערנעהמען אין דער פראַגע, מאַכט אויך די לאַגע ניט גרינגער.

ביז איצט האָבען מיר אונטערגעצייכענט נאָר די מאָמענטען
פון דער עסטרייכישער געשיכטע, וועלכע קענען קלאָר מאַכען די־
בעזונדערהייטען פון איהר נאַציאָנאַלען קאַמפף. אין דער זעלבער־
צייט איז אַלץ געגאַנגען פאָרווערטס די סאָציאַלע און פּאָליטישע
ענטוויקלונג פון עסטרייך, צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פון
אַנדערע לענדער אין אייראָפּע. אומעטום בעמערקען מיר אין סוף־
פון די 60־ער יאָהרען די פערברייטערונג פונ'ם וואַהל־רעכט,
וועלכע האָט זיך פערשפּרייט אָדער אויף אַלע קלאַסען, אָדער לכל

הפהות אויף דער קליין־בורזשואזיע און פויערטום. נאָר אויף וויפיעל" דיזע קלאַסען האָבען זיך געלערנט אויסנוצען זייער רעכט און אנערקענען זייער קראַפט, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען ענטזאַגען פונ'ם בורזשואַזען ליבעראַליזם, פון וועלכען זיי זענען ביז איצט געווען אָנהענגער. פול מיט האָפנונגען האָבען די קליינבירגער און די פויערים געוואַרט, אַז דער נצחון איבער'ן פעאָדאַליזם און אַבסאָלוטיזם וועט זיי עפענען אַ וועג צום בורזשואַזען וואוילשטאַנד; אָנשטאָט דעם האָט דער קאַפּיטאַליזם פאַר'ן גרויסען רוב פון זיי געעפענט אַ וועג צו פּראָלעטאַריזאַציע.

וואָס וועניגער דער ליבעראַליזם האָט זיי געקענט העלפען אין זייער ווידערשטאַנד צו דיזען פּראָצעס, אַלץ מעהר פלעגען זיי זיך אָבטרייסלען פון איהם; נאָר אַלץ מיט מעהר פרישקייט פלעגען זיי זיך נעהמען צו פּאָליטישער טהעטיגקייט אין דער האָפנונג געפינען אַ השועה ביי דער מלוכה, וועלכע האָט זיי ניט געוואָלט געבען דאָס רעכט פון „זעלבסטהילף". אַ שטיקעל ווירקונג האָט דאָ אויך געהאַט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט איהר רופען דעם פּראָלעטאַריאַט ערקעמפּפען די מלוכה־מאַכט, כדי צווינגען זי צו דיענען זיינע ציעלען, די פּראָלעטאַריער אָבער וועלען ערקעמפּפען די מלוכה־מאַכט, כדי דורך איהר צו פערניכטען אַלץ, וואָס נעמט שטערט צו דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג; די קליין־בירגער אָבער, וואָס האַלטען ביי פאַלען, ווילען די ערקעמפּפטע מאַכט אַנטקעגענ־שטעלען דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קוקט אויף דער מלוכה־מאַכט, ווי אויף איינעם פון די מיטלען צו איבערבויען די עקסיסטירענדע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג אין אַ העכערע, אין די אינטערעסען ניט נאָר פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. די יורדים — קליינבירגער אַפּעליר־ען צו דער מלוכה־מאַכט, ווי צו אַ מיטעל פעראייביגען דאָס, וואָס איז פערבליבען פון דער מיטעלאַלטערליכער פּראָדוקציאָנס־פאָרם און רעטען די שטאַרבענדע שיכטען, מאַכענדיג זיי פאַר קעסט־קינדער ביי דער מלוכה, וועלכע זאָל זיי דאַרפען אויסהאַלטען אויפ'ן חשבון פון דער געזעלשאַפט.

די מין מלוכה־הילף איז פונקט דער היפך פון סאָציאַליזם, זי איז גאַנץ ענהליך צו דעם מין הילף, מיט וועלכען ס'האָט אונטער־

געהאַלטען זײַן קיום דער פעאָדאַלער אַדעל, זינט זײַן עקאָנאָמישע מפלה. דערפאַר איז די חברותא פון די קליינבירגערליכע און אַגראַרע „גואלים" פון „נאַציאָנאַלער אַרבייט" ווי אָנגעבאַרען; דער דאָזיגער בונד האָט געבראַכט צו דער מפלה פון בורזשואַזען ליבעראַליזם און ער איז געוואָרען אַ כאַראַקטעריסטישער סימן פון דער פּאָליטיק פון אייראָפּעאישען קאָנטינענט, נעמליך עסטרײַך און דײַטשלאַנד.

דער דאָזיגער בונד האָט אַ סך מיטגעהאָלפען צו פערשטאַרקען דעם פּאַרטיקולאַריזם אין דײַטשלאַנד, פערשטאַרקען די סלאַווישע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען אין עסטרײַך. פונדעסטוועגען, איז אויפלעבען די בליהונג פון די מיטעלאַלטערליכע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען פונקט אַזוי פּיעל מעגליך, ווי איבער אַ נײַעם אויפשטעלען דאָס בעהמישע מלוכה־רעכט. וואָס מעהר עס וואַקסט די נויט פון די קליינבירגער און פויערים, אַלץ מעהר וועלען וואַקסען זייערע תביעות צו דער מלוכה. נור דיזער וואַקסענדער כח איז אַ כח פון יאוש, וואָס ווערט געפּטרט אין אומזיניגע שטרעבונגען, אין שטרעבונגען, וועלכע קענען ניט פיהרען צו וועלכען עס איז ממשות־דיגען רעזולטאַט.

דאָס איז גאָר ניט קיין מקרה־זאַך, וואָס — ווי ס'לאָזט זיך אויס — זענען אַלע אַנטיסעמיטישע אָנפיהרער מיני לצים, מגובלים, אָדער גלאַט עם הארצים, אויב ניט אַלץ צוזאַמען. מ'דאַרף האָבען זעהר אַ סך עם הארצות, לייכטזיניגקייט אָדער שטות'ערײַ, כדי בײַ דעם איצטיגען וואוקס פון קאַפּיטאַליזם, בײַ די נסיונות פון די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען זאָל מען געבען אַ האָפנונג די שטאַרבענדע שיכטען אויף אַגלעצענדע אויפלעבונג פון די פאַרהונדערט־יאָהריגע ווירטשאַפטס־פאָרמען. און צוגלייך איז ניט צופעליג דאָס, וואָס די מאַסען פון „קריסטליך סאָציאַלען" פאָלק בלייבען געטרײַ זייערע מנהיגים, ווי קלאָר ס'זאָל זיך ניט אַרויסווײַזען די נידערטרעכטיגקייט און שטות פון די לעצטע: דער וואָס טרינקט זיך חאַפּט זיך, זאָל זײַן פאַר אַ שטרוי.

נאָר דיזע טרייהייט בלייבט דאָך ניט אויף שטענדיג. אויבען האָבען מיר שוין אָנגעוויזען, אין וואָס פאַר אַ היפוכים עס דרעהט זיך די קליין־בורזשואַזיע. דאָס זעלבע וועט אויך זײַן, ווען זי וועט

פערלירען אין גאנצען איהר עקאנאמישען שטיצפונקט. דאמאלס פער־ליערט זי נאך מעהר יעדע נארמאלע שטייפקייט און ווארפט זיך פון איין ברעג צו׳ם אנדערען. פאר די היינטיגע קליינבירגערליכע אגראַרע עלעמענטען איז די פאליטיק פון „הין און צוריק" דער בעסטער רעגירונגס־מעטאד. און דארט, וואו די מלוכה טהוט עס ניט גאר גערן, בעשאפען זיי זיך אייגענע „גבורים" פון דער „הין און צוריק"־פאליטיק — בעשאפען זייערע בולאנזשעס און לועגערס.

ס׳קען שוין פערשטעהן, וואס פאר א פועל יוצא קומט ארויס דערפון, וואס די קליין־בורזשואזע אגראַרע שטרעבונגען גיסען זיך צונויף מיט די נאציאנאלע בעוועגונגען. דאס מוז פערשטארקען די רעאקציאנערע טענדענצען און די קורצזיכטיגקייט פון די נאציאנאלע בעוועגונגען, און גלייכצייטיג אם מעהרסטען פערשארפען די נאצי־יאנאלע היפוכים. וואס מעהר האפנונגס־לאז ס׳ווערען די פאקטישע פערהעלטניסע פאר די קליינבירגער, אלץ מיט מעהר התמדה זוכען זיי פערזאנען — אלס א שעיר לעזאזל, אויף וועלכע אויסצולאזען זייער משוגענעם כעס. די היסטארישע טראדיציעס און די סאציאלע לאגע ווייזען זיי אן דארט, וואו ס׳איז ניטא קיין אנדער נאצ. געגענזאץ — אויף די יודען, ווי אויף „נאטירליכע" שונאים. דארטען זשע, וואו ס׳געפינט זיך אנ׳אנדער נאציאנאלער געגנער גיסט זיך אויף איהם אויס דער גאנצער צארן, וועלכער האט זיך ביי זיי אנגעקליבען איבעריג־פול דורך דעם, וואס זייער ווידערשטאנד איז מאכטלאז געגען דער אונברחמנות׳דיגער עקאנאמישער ענטוויקלונג.

וועניגער פון אלץ קען מען ביי היינטיגע צייטען האפען, אז דער קליינבירגער זאל זיך ציעלען צו נאציאנאלען פריעדען.

נאר איין קלאס אין עסטרייך שטרעבט אויף אנ׳אמת צום נאצ. שלום און האט איהם דורכגעפיהרט שוין אין זיינע אייגענע רייהען — דאס דער פראלעטאריאט, אויף וויפיעל ער האט זיך בעפרייט פון קליין־בירגערליכע השגות און איז דורכגעדרונגען מיט׳ן פראלעטארישען קלאסען־בעוואוסטזיין.

מיר האלטען זיך ניט פאר קיין פערבלענדטע חסידים פון פראלעטאריאט. ווייל מיר זענען איבערציינט, אז איהם געהערט די צוקונפט, וועלען מיר בשום אופן ניט פערשווייגען די חסרונות,

וועלכע עד האט לעת עתה. קיינער וועט אבער ניט אבלייקענען, אז דער פראלעטאריאט איז שוין איצט אריבערגעוואקסען די קליין-בורזשואזיע מיט זיינע ידיעות, אינטעלעקטועלען כח, פאליטישער רייפהייט; אז נאר די סאציאל-דעמאקראטיע שטייגט אריבער מיט די ברייטקייט פון איהרע היסטארישע בליקען אלע דעמאקראטישע פארטייען; אז זי איז די איינציגע צווישען אלע פארטייען, וואס עקסיסטירען אצונד, וועלכע פיהרט איהר פאליטיק, ארויסגעהענדיג פון שטענדיגע וויסענשאפטליכע הנחות און ניט פון דער אדער יענער שטימונג אין דעם אדער אין יענעם מאמענט.

אין עסטרייך אבער איז די ס. ד. נאך עטוואס מעהר פון דעם: ווען מ'זאל ניט רעכענען דעם הייפעל בורזשואזע דעמאקראטען און „סאציאל-פאליטיקער" אין וויען, איז זי דארט די איינציגע געגענווארטיגע פארטיי, ריכטיגער, די איינציגע געגענווארטיגע פארטיי, מיט וועלכער מ'קען זיך רעכענען. די אלע איבעריגע פארטייען, אויך די פארטיי פון בורזשואזען ליבעראליזם אין כלל, זענען צוגעשמידט, ווי מיר האבען געזעהן, צוליעב זייערע נאציאנאליסטישע טראדיציעס, צום אידעאל פון פערגאנגענהייט. אין גאנץ מזרח-אייראפע האט זיך ארויסגעוויזען, אז די בורזשואזיע איז אונפעהיג מאכען אנ'עק מיט די רעשטען פון פעאדאליזם און אבסאלוטיזם, אומעטום האט זי איבערגעגעבען דער ס. ד. די היסטארישע אויפגאבען, וועלכע זי איז געווען בערופען צו לעזען. נאר בעזונדער ווייזט זיך דאס ארויס אין עסטרייך, וואו די בורזשואזע פארטייען, אנשטאט צו שטירצען די אלטע חורבות, שטרעבען נאך זיי צו בעפעסטיגען.

דארט איז די ס. ד. די איינציגע פארטיי, וועלכע שטרעבט צו בויען די מדינה אויף מאדערנע יסודות און וועלכע איז זעלבסט פעראינטערעסירט צו ארבייטען אין דער ריכטונג. דער פראלעטאריאט, פערשטעהט זיך, פיהלט זיך ניט מחויב ביי אלע אומשטענדען צו שטעהן פאר די גאנצקייט פון איצטיגען עסטרייך. ווען די דייטשע עסטרייך וואלט היינט ווערען אטייל פון דער דייטשער אימפעריע, וואלט עס קיין היזק ניט געווען ניט פאר'ן פראלעטאריאט, ניט פאר דער אלגעמיינער ענטוויקלונג. וועגען דעם אבער איז דאך, ווי מיר האבען אויבען גערעדט, ניטא

וואָס צו טראַכטען. די צוטיילונג פון עסטרייך בעגעגענט נאָך פיעל אַנדערע מניעות, אַחוץ די, וועלכע ס'בעגעגענט די חלוקה פון טירקיי. אויב ס'וועט זיך ניט איינעבען מאַכען עסטרייך פאַר מאָדערנע מדינה, וועט עס ברייינגען ניט צו איהר צוטיילונג, ניט צו דער בעפרייאונג פון איהרע נאַציאָנאַליטעטען, נאָר צו אַלאַנג־זאַמען טויט. אָבהענגיג פון די פּאָליטישע פערהעלטניסען קען דיזע גסיסה דויערען אַ מעהר אָדער וועניגער לאַנגע צייט, נאָר אין אַלע אופנים וועט דאָס זיין אַ עכוב אין דעם גאַנג פון דעם געזעל־שאַפטליכען און פּאָליטישען פּראָגרעס, און מעהר פון אַלעמען וועט דערפון ליידען דער פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט האָט האָט פונקט אַזוי וועניג צוהאָפען אויף אַ „השגחה" פון אויסען, ווי אויף אַ „השגחה" פון אויבען. ער שטרעבט צו אַרבייטען אין לאַנד, וואו ער לעבט און אומענדערען זי בהסכם מיט זיינע אינטערעסען און די אינטערעסען פון דער געזעלשאַפט. דעריבער נויטיגט ער זיך אין מיט דער לעזונג פון דער נאַצ. פראַגע, ווייל נאָר דאַמאָלס, ווען די מדינה פון „קרוינלענדער" וועט ווערען אַ מדינה פון נאַציאָנאַליטעטען, וועלכע וועלען אַווטאָנאָם לעבען אין שכנות און צוזאַמען אַרבייטען, נאָר דאַמאָלס קען ערשיינען דער קלאַסען־קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט אין דער געהעריגער פאָרם. די זעלבסשטענדיג־קייט פון דער נאַציע איז אַנויטווענדיגער תנאי פאַר דעם היינטיגען קלאַסען־קאַמפּף. דאָס פאָלק מוז זיין פריי אין אַלע פּרטים — נאָר דאַמאָלס וועט דער פּראָלעטאַריאַט זיין אימשטאַנד אַרויסטרעטען נעגען זיין סאָציאַלען געגנער מיט זיין גאַנצען כלי־זין. דער פּראָלעטאַריאַט צוליעב זיין נאָרמאַלער און אַלזייטיגער ענטוויקלונג נויטיגט זיך אין זעלבסטשטענדיגקייט פון זיין נאַציע ניט וועניגער, איידער אין אַלגעמיינע וואהל־רעכט און פרייהייט פון פערזאַמלונגען און פּרעסע.

דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַליזם בעדייטעט ניט די נאָריראַיגונג פון דער נאַציאָנאַליטעט, נאָר די פרייהייט און גלייכבע־רעכטיגונג פון די נאַציעס. — די איינציגע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ נ ס־פ אָ ר ם, וואָס וואָלט געקענט לעגען אַ יסוד צו דעם נאַציאָנאַלען שלום אין עסטרייך, איז די אָרגאַניזאַציע פון דער עסטרייכישער ס. ד. די לעצטע שטיצט זיך אויך, אויף וויפיל עס איז נאָר מעגליך, אויף

דער עֶקסִיסטִירֶענדער אַדמִינִיסטראַטִיווער צוטֵיילונג פון לאַנד; נאָר דאָרט, וואו די נאַציאָנאַלע גרענצען זיינען סותר די גרענצען פון די מלוכות און לענדער" דיענען אַלס אָרגאַנִיזאַציאָנס־יסוד די ערשטע און ניט די לעצטע. די טשעכישע ס. ד. פון בעהמען, שלעזיען און מעהרען בילדען שוין איצט איין אַלגעמיינע אָרגאַנִיזאַציע, די דייטשע חברים אין די געגענדען פון דער דייטשער שפראַך געהערען צו דער אָרגאַנִיזאַציאָן פון סאָציאַליסטען, וואָס רעדען דייטש, די פוילישע חברים אין שלעזיען צו די פוילישע אָרגאַנִיזאַציעס א. ז. וו.

„די אַלגעמיינע פערטרעטונג פון דער עסטרייכישער ס. ד. בילדעט זיך פון די אָרגאַנִיזאַציאָנען און עקזעקוטיוו־קאָמיטעטען פון דער דייטשער טשעכישער, פוילישער, איטאַליענישער און דרום־סלאַווישער אָרגאַנִיזאַציעס" — אַזוי זאָגט בפירוש איינע פון די בעשטימונגען פון דער אַלגעמיינער עסטרייכישער ס. ד. אָרגאַנִיזאַציע, אָנגענומען אויפ'ן וויענער פאַרטייטאָג פון 1897 יאָהר. ובכן האָבען די ס. ד. פראַקטיש דורכגעפיהרט ניט נאָר די צוטיילונג פון בעהמען אויף 2 חלקים, נאָר אויך די פעדעראַטיווע אָרגאַנִיזירונג פון גאַנץ עסטרייך לויט די שפראַך־גרענצען, אויף וויפיעל דאָס האָט געפאָדערט די ענטוויקלונג פון בעזונדערע ס. ד. נאַציאָנאַלע אָרגאַנִיזאַציעס, און אויף וויפיל דאָס איז ניט קיין סתירה דער עקסיסטירענדער פאָליטישער צוטיילונג פון לאַנד.

די ס. ד. איז די איינציגע פאַרטיי אין עסטרייך, וועלכע זעצט פאָראויס אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ווי אויך אין אַלע אַנדערע פראַגען ניט פשוט אַ פראָגראַם פון היינטיגען טאָג, נאָר אַ בעגרינ־דעטע, ברייטע פראָגראַם, וואָס שטימט איין ווי מיט די אינטערעסען פון דער מאָדערנער מלוכה, אַזוי אויך מיט די אינטערעסען פון יעדער איינציגער נאַציאָן. פון כח, וואָס די ס. ד. קען אַרויס־ווייזען, פון די מניעות, וועלכע זי בעגעגענט, ווענדט זיך, צו וועלען — און ווען וועלען די נאַציאָנאַלע היפוכים ווערען אָבגעשוואַכט און בעזייגט.

אַ מענשען פון דער פרעמד איז שווער צו אָבשאַצען, וואָס פאַר אַ האָפנונגען קאָנען האָבען אין דעם פרט; נאָר אפילו פאַר אַ פּאָליטיקער, וואָס וואוינט אין עסטרייך, איז שווער קומען אין דעם ענין צו אַ בעשטימטער מיינונג. אין פאָליטיק—ווי

אין מלחמה — שפּיעלט דאָס אונגעריכטע, דאָס אונערוואַרטעטע א אונגעהייערע ראָליע, נאָר ערגיץ ניט אַזאַ גרויסע, ווי אין עסטרייך:

„דאָ פּאַסירט דאָס אונמעגליכע, דאָ ווערט פערווירקליכט דאָס אונבעשרייבליכע"

עסטרייך איז עקאָנאָמיש אַן'אָבגעשטאַנענע לאַנד, איהר פּראָלעטאַריאַט איז לפי ערך שוואַך, און די בילדונג און אָרגאַניזירונג פון איהר פּראָלעטאַריאַט ווערט זעהר אָבגעהאַלטען דורך די נאַציאָנאַלע פערשידענהייטען און היפּוכים. נאָר אויב דאָס אַלין איז פאַר דער ענטוויקלונג פון דער ס. ד. אַגרויסער חסרון, בעשאַפט עס אָבער, פון דער אַנדער זייט, מאָמענטען, וועלכע מאַכען מעגליך פאַר דער עסטרייכשער ס. ד. אַגרעסערע פּאָליטישע ווירקונג, אייד'ער עס ענטשפּרעכט דער פערשפּרייטונג פונ'ם סאָציאַליסטישען געדאַנק און קלאַסען־קאַמפּף. דוקא צוליעב די נאַציאָנאַלע היפּוכים איז זי די איינציגע ווירקליך־מאָדערנע פּאַרטיי אין עסטרייך, ד. ה., אַז ווי נאָר זי ערוועקט אַ פּאָליטישע ווירקונג, מוזען ביי יעדען ערנסטען בעשלוס אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון דער מדינה אָבשטימען מיט איהר צוזאַמען, ווי וויים זייערע מיינונגען זאָלען זיך ניט אונטערשיידען פון די סאָציאַליסטישע, אַלע גהען מיט איהר האַנד אין האַנד, מאַכען זי שטאַרקער. אַלס די איינציגע מאָדערנע פּאַרטיי האָט זי ביי יעדען וויכטיגען בעשלוס אויף איהר זייט די לאָגיק פון די פאַקטען, וועלכע ווירקען אין איין ריכטונג מיט איהר. און צום סוף, אַלס אַ פּאַרטיי, וועלכע איז פעסט צונויפגעבונדען מיט אַ קלאָרען פּיעלוזיטיגען און ברייטען פּראָגראַם, שטעהט זי געגען די צורודערטע און שטיצלאָזע קליין־בורזשואזע מאַסען פון פערשידענע נאַציאָנאַליטעטען, וועלכע קענען אפשר מיט'ן זעלבען כח און היץ, מיט וועלכען זיי טרעטען היינט אַרויס געגען דעם נאַציאָנאַלען געגנער, מאָרגען זיך נעהמען פאַר אַן'אַנדער שונא, אויב דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף וועט ניט ברינגען די ערוואַרטעטע ישועה.

די כונות פון די קליין־בירגער קען מען ניט פאָראויסזעהן. מיט 2 יאָהר צוריק, ווען די גימנאַזיע צילע איז געווען דער איינציגער אָביעקט פון נאַציאָנאַלע מחלוקת צווישען די בורזשואזע פּאַרלאַמענטאַריער, האָט מען געקענט מיינען, אַז אַ חוץ איניגע

חברה־לײַט האָט מעהר קײנער ניט קען טיִעפען אינטערעס צום נאַציאָנאַלען קאַמפּף. פאַר אײן נאַכט האָט די מלחמה — אַ היבּש ביסעל טאַקע צוליעב באַדענִי׳ס בעגעהן זיך — געקראָגען אַ אונגעהײער גרויסען כח, און פאַר אײן נאַכט קען זי אפשר װײַטער, חאָטש אויף אײן װײַלע, אָבּטרעטען אָן אַ זײַט.

דאָס זענען אַלץ מאָמענטען, װעלכע מאַכען דעם כח פון דער ס. ד. [אין עסטרײַך פיעל גרעסער, אײדער עס װאָלט געדאַרפט זײַן לויט דער קראַפט און ענטוויקלונג פון איהר בעוואוסטזיניגען פּראָלעטאַריאַט. אויב די נאַציאָנאַלע היפּוכים מאַכען פיעל שווערער די ענטוויקלונג פון דער עסטרײַכישער ס. ד., קומט איהר דערפאַר פון דער אַנדער זײַט צוהילף — די נויטיגקײַט אויפצושטעלען אַ נאַציאָנאַלען שלום, — איהר, דער אײנציגער פּאַרטײַ פון דעם דאָזיגען שלום. פּונקט אַזוי האָט די שטרעבונג צו פערניכטען די צענטראַליזירונג פון דער מלוכה־מאַכט אין גערמאַניע געמאַכט די ס. ד., אַלס אײנציגע ערנסטע אָפּפּאָזיציאָנס־פּאַרטײַ, שטאַרקער, אײדער דאָס װאָלט געװען צוליעב דער אײן װירקונג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג און דעם ברײטען קלאַסען־קאַמפּף.

אין איהר אַרבּײַט פאַר׳ן שלום מוז די ס. ד. פיעל לײַדען פון קינסטליך־געשאַפענע מניעות. דאָס װאַהל־רעכט, װאָס איז נאָר עטװאָס פערבּעסערט געװאָרען דורכ׳ן אײַנפיהרען די פינפטע קוריע, גיט די קלײן־בּורזשואַזע אַגראַרע עלעמענטען, ד. ה., אַקוראַט די עלעמענטען, אין װעלכע עס װײַזט זיך בּולט אַרוים די נאַציאָנאַלע היפּוכים און דער נאַציאָנאַלער גײַן, אַ גאַנצע שורה װאַהל־זכיות. די אויסבּעסערונג פון איצטיגען װאַהל־רעכט, די פערניכטונג פון אַלע װאַהל־פּריװילעגיעם דורך גלײַכע װאַהל־רעכט פאַר אַלעמען, װאָלט געקענט (אויב ניט דירעקט בּרײַנגען צום נאַציאָנאַלען שלום), היבּש פערשטאַרקען די עלעמענטען פון נאַציאָנאַלען שלום און בּעדײַטענד שװערער מאַכען די נאַציאָנאַלע אָנרײַצונג.

אַלג. גלײַכע, דירעקטע װאַהל־רעכט װאָלט געקענט אויך מיט־װירקען, ס׳זאָלען בּטל װערען אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע און פּראָװינציעלע הלוקים אין װאַהל־רעכט, אָבּשװאַכען דעם פעדעראַלען פּאַרטײַ־

קאָלאַדיום, וואָס שטעהט אין וועג יעדער היינטיגער פּעסטער לעזונג פון דער נאַצ. פראַגע. אין דעם זין, וואָלט דאָס איינפיהרען אַלג., גלייכע וואַהל־רעכט געווען אַטראַט צום נאַציאָנאַלען שלום.

עסטרייך ווערט ביי היינטיגער צייט רעגירט דורך אַ גאַנצע סעריע מלוכה־איבערקעהרונגען די עסטרייכישע קאָנסטיטוציע ענטהאַלט אפילו אַ בעזונדער פּאַראַגראַף צו פערענטפערען זיי. אַ העלדענמוטיגע רעגירונג מיט אַ ברייטען בליק, וועלכע זאָל וועלען אויף אַן אמת מאַכען אַ סוף פון דעם איצטיגען וואַקלענדיגען צושטאַנד, האָט געדאַרפט, אויב זי זעהט חוץ אַ רעוואָלוציע קיין אַנדער אויסוועג ניט, בענוצען זיך מיט׳ן 14־טען פּאַראַגראַף צו אַ ווירקליכע־ רעוואָלוציע, כדי אַוועקשטעלען די מדינה אויף נייע יסודות, פון וועלכע דער הויפּט־יסוד איז — דאָס אַלג. גלייכע וואַהל־רעכט, מבטל זיין די פעאָדאַלע פּראָווינץ־גרענצען, בעשאַפען נייע, נאַציאָנאַלע פּראָווינצען.

ווער קען אָבער ערוואַרטען אַזאַ מין רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט פון אַ עסטרייכישען מיניסטער. ניט קיין ראַדיקאַלע נסיונות פון וויטזיכטיגע שטאַטס־מענער, וועלכע מאַכען פריי דאָס פעלד פאַר אַברייטע טהעטיגקייט, געפינען מיר ביי זיי, נאָר דעם פוקסען־שכל פון בעאַמטע, וועלכע זאָרגען נור וועגען זייער מנוחה און ווילען פּטור ווערען פון ניט קיין אָנגענעהמער אַרבייט. די איבערקעהרעניסען, וועלכע זיי ברעכען, העלפען לחלוטין ניט צו פונאַנדער פּלאָנטערן דעם קניפּעל, אדרבה, זיי רערוויטערען נאָך דאָס פונאַנדערפּלאָנטערן.

קיין זאַך איז ניט אַזוי אונבעקאַנט און בעדעקט מיט אַ שלייער, ווי די צוקונפט פון עסטרייך. ס׳איז פאַרהאַן מדינות, וואָס די אומשטענדען האָבען זיי ניט דערלאָזען שטעלען זיך אויף מאָדערנע יסודות, און זיי זענען פערמשפט אויף אַ לאַנגזאַמען טויט. אַזאַ מדינה איז געווען פּוילען, אַזאַ איז אויך טירקיי. דאַרף מען עסטרייך אויך צו רעכענען צו זיי? פון איהרע הערשענדע קלאַסען קען מען ניט ערוואַרטען אַזעלכעס, וואָס זאָל זיין בכח ווידערשטעהן די לעבענס־שטערענדע טענדענצען. די צוקונפט פון דער מדינה ווענדט זיך פונ׳ם כח פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ביי איצטיגע אומשטאַנדען איז זי צוליעב איהר רעוואָלוציאָניזם די פּאַרטיי,

יועלכע האלט איין די עקסיסטענץ פון דער מדינה. נאָר אַ געוואַלט טהעטיגע אומענדערונג פון דעם עקסיסטירענדען רעגירונגס־סיסטעם קען מאַכען עסטרייך לעבענס־פעהיג, ד. ה., פעהיג ניט נאָר ציהען ווי עס איז דאָס לעבען, ווי טירקיי, נאָר פעהיג צו ענטוויקלונג. אין דעם זין, ווי משונה דאָס זאָל ניט קלינגען, קען מען וועגען דער רויטער, רעוואָלוציאָנערער ס.־ד. זאָגען די זעלבע ווערטער, וועלכע עס האָט געזאָגט גרילפּאַרצער מיט אַ האַלב־הונדערט יאָהר צוריק דעם העלד פון דער שוואַרץ־געלער רעאַקציע, דעם גענעראַל ראַדעצקי: אין דיין מחנה איז עסטרייך!

פערלאג „די וועלט“.

ק. קאוטסקי.

# קאָנסום-פעראיינען.



ווארשא.

1906.

„פֿערלאַגס-דרוקעריי“, ווארשא, פאַנסקא 20.

Консумъ-Ферайненъ т. е. Кооперативныя Общества.

„Издательская Типографія“, Варшава, Панская 20.

# קאָנסום*)פעראיינען.

I.

אויפ'ן שוועל פון דער נײַעסטער סאָציאַליסטישער בעוועגונג שטעהט אויך די געגאָסענשאַפטס-בעוועגונג**). אַלע אומבײַטונגען, וואָס די ערשטע בעוועגונג האָט אין דעם לעצטען יאָהר-הונדערט איבערגעלעבט, האָבען אויך געהאַט אַ שײַכות צו דער צווייטער. די געגאָסענשאַפטס-בעוועגונג, פונקט ווי די פראָפעסיאָנאַלע בעוועגונג, איז פון אָנפאַנג ענטשטאַנען גאַנץ פון זיך אַליין. אַרבייטער אָדער בעלי-מלאכות פלעגען זיך פעראייניגען צוזאַמען, כדי זיי זאָלען זיך לײַכטער קענען דערשלאָגען אַ בעסערען טעגליכען לעבען. וואָס ס'איז פיעל שווערער צו דערגרייכען מיט ניט פעראייניגטע קרעפטען. אָט, צ. ב., פלעגען זיי גרינדען געמיינזאַמע ווערקשטאַטען כדי צו דערגרייכען מעהר אומאַבהענגיגקײַט, אָדער צו געבען שטעלעס פיעלע אָבגעזאָגטע אַרבייטער און הויפטזעכליך כדי פטור צו ווערען פון די צווישען-הענדלער, וועלכע פלעגען אײַנפיהרען אַ מין מאָנאָפּאָל אין אַ געוויסען פאַך (צ. ב. בעקער) און אָהן רחמנות עקספּלואַטירען די אַרבייטער, אָדער פלעגען זיי געבען שלעכטע סחורה.

אַזעלכע געגאָסענשאַפטען האָבען שוין עקזיסטירט אין ענגלאַנד נאָך אין 18-טען יאָהר-הונדערט. נאָר לײַכט געבוירען — גיך געשטאָרבען. מעהר ניט איינציגע פון זיי, וועלכע האָבען זיך געפונען אין בעסערע צושטאַנדען, זענען פערבליבען, האָבען זיך ענטוויקעלט און געוואָרען אויף אַזוי פיעל בעדייטענד, דאָס זיי האָבען צוגעצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקײַט פון דעם מענשען-פרײַנדליכען דענקער, וועלכער האָט געזוכט אַזאַ אָנשפּאַר-פונקט, פון וועל-

---

*) קאָנסום—פעברויך; קאָנסום-פעראיין—אַחברה, וואָס קויפט איין פאַר איהרע מיטגלידער אַלץ, וואָס זיי בעדאַרפען.

**) געגאָסענשאַפט—חברה.

כּעֶן עֶר זאָל קעֶנעֶן אֵיין מאָל פאַר אַלעֶ מאָל מאַכעֶן אַ סוֹף מִיט דעֶר קאַפּיטאַלִיסטִישעֶר עֶקספּלוּאַטאַציעֶ און מִיט דעֶר אָרִימקײַט פוּן דעֶר מאַסעֶ.

ראָבּעֶרט אָוועֶן, דִיזעֶר געֶניאַלעֶר אוּטאָפּיסט, האָט דעֶרקעֶנט אִין דִי געֶנאָסעֶנשאַפט-אָרגאַנִיזאַציעֶס אֵיינעֶם פוּן דִי מִיטלעֶן צוּ בּעֶפרײַעֶן דעֶם אַרבּײַטעֶר-קלאַס.

דעֶר גרוֹיסעֶר פּאָרקעֶמפפעֶר פאַר אַ געֶזעֶצלִיכעֶן נאָרמאַלעֶן *) אַרבּײַטס-טאָג, אִיז אוֹיך געֶוועֶן דעֶר פאָטעֶר, דעֶר פעֶרשפּרײַטעֶר פוּן דעֶר אִידעֶע פוּן געֶנאָסעֶנשאַפטעֶן. פוּן צוּפעֶלִיגעֶ, פוּן אָרטִיגעֶ בּעֶדעֶרפנִישעֶן אַרוֹיסגעֶרוּפעֶנעֶ אָרגאַנִיזאַציעֶס, זעֶנעֶן דִי געֶנאָסעֶנשאַפטעֶן לסוֹף געֶוואָרעֶן אֵיינעֶ פוּן דִי ספּרוּנגזשִינעֶס פוּן דעֶר וועֶלט-געֶשִיכטלִיכעֶר בּעֶוועֶגוּנג.

גלײַך דעֶרמִיט אָבּעֶר האָט דעֶר עוֹלם אוֹיך אוֹיפגעֶהעֶרט גלײַכגִילטִיג צוּ קוּקעֶן אוֹיף דִיזעֶ בּעֶוועֶגוּנג. דִי פרײַנד פוּן סאָציאַלִיזמוּס האָבּעֶן אָנגעֶהוֹיבּעֶן צוּ פִיהרעֶן געֶגעֶן אִיהר אַ בִּיטעֶרעֶ מלחמה; און יעֶדעֶס מאָל, ווען עֶס פלעֶגט זִיך דִי געֶנאָסעֶנשאַפטעֶן עֶפּעֶס וואָס נִיט אַייִנגעֶבּעֶן, אַפִילוּ אַזאַ קלײנִיגקײַט, וואָס וואָלט פרִיהעֶר קײנעֶם נִיט מעֶהר פּעֶראִינטעֶרעֶסִירט, ווִי אַ בּאַנקראָט פוּן אַ-וואָס-עֶס-אִיז פאַר אַ סוֹחר, — פלעֶגעֶן זײ שרײַעֶן אִין אֵיין קוֹל, אַז עֶס אִיז שוֹין אַ סוֹף געֶקוּמעֶן צוּם נאַנצעֶן סאָציאַלִיזמוּס. דִי אָנהעֶנגעֶר פוּן דִי גרוֹיסעֶ אוּטאָפִּיסטעֶן, פוּן אַנדעֶר זײַט, האָבּעֶן וואָס מעֶהר און מעֶהר אַרוֹיסגעֶשטעֶלט דִי געֶנאָסעֶנשאַפט ווִי אַ מלאָך-הַגוֹאֵל, ווִי אַ בּעֶסטעֶן רוֹפא פוּן דעֶר קראַנקעֶר געֶזעֶלשאַפט און אַ בּעֶסטעֶן מִיטעֶל דִי סאָציאַל-פראַגעֶ צוּ פעֶרענטפעֶרן. בּעֶזוּנדעֶרס האָבּעֶן זײ אַזוֹי געֶקוּקט אוֹיף דִי פּראָדוּקטִיוו-געֶנאָסעֶנשאַפטעֶן.

פוּן דעֶמאָלט אָן האָבּעֶן דִי מעשׂים-מכּל-יוֹם (עֶרפאַהרוּנג) אָבּעֶר בּעֶוויזעֶן, אַז אוֹיף גרוֹיסעֶ גלִיקעֶן פוּן דִי געֶנאָסעֶנשאַפטעֶן אִיז נִיטאָ וואָס צוּ האָפעֶן; און מעֶן וועֶט הײַנט גאַנץ ווענִיג מעֶנשעֶן געֶפִינעֶן, וועלכעֶ זאָלעֶן פוּן זײ דעֶרוואַרטעֶן — גאַנץ גלײַך, אוֹיבּ דִיזעֶ געֶנאָסעֶנשאַפטעֶן זעֶנעֶן געֶגרִינדעֶט אוֹיף זעֶלבּסט-הִילף, אָדעֶר אוֹיף מלוּכִישעֶ שטִיצעֶ — דִי בּעֶפרײַאוּנג פוּן פּראָלעֶטאַריאַט. וואָס גרעֶסעֶר

*) אַ'ן 8 שעֶה'יגעֶר אַרבּייטסטאָג רוּפט זיך אַ נאָרמאַלעס אַ ריכטיגער אַרבּייטסטאָג.

אַ גֶעשֶׁעפְט אִיז, און וואָס מֶעהר קאַפִּיטאַל מֶען דאַרף צוּ אִיהם האָבֶּען, דאָס שווערֶער אִיז פאַר דִי אַרבּייטֶער אַריינצוּנֶעהמֶען אִיהם אִין זייעֶרֶע הֶענד מִיט דער הִילף פוּן דִי פּראָדוּקטִיוו־גֶענאָסֶענשאַפטֶען. און אוּמגֶעקֶערט, וואָס קלֶענֶער דער גֶעשֶׁעפט אִיז, וואָס וועֶנִיגֶער קאַפִּיטאַל מֶען דאַרף צוּ אִיהם האָבֶּען, דאָס לייכטֶער אִיז דֶעם פּראָלֶעטאַריאַט אַזאַ גֶעשֶׁעפט צוּ פִיהרֶען. וואָס מֶעהר דִי עֶקאָנאָמִישֶׁע עֶנטווִיקלוּנג פִיהרט פוּן קליין־בֶּעטרִיעבּ צוּ גרוֹיס־בֶּעטרִיעבּ, דאָס וועֶנִיגֶער קֶענֶען דִי פּראָדוּקטִיוו־גֶענאָסֶענשאַפטֶען דִינֶען דֶעם אַרבּייטֶער־קלאַס פאַר אַ בֶּעפרייאוּנגס־מִיטֶעל.

און אַפִּילוּ שוֹין דאָרטֶען, וואוּ זיי קֶענֶען יאָ אָנגֶעווֶענדט ווערֶען, גִיבֶּען זיי אויך נִיט דאָס, וואָס מֶען האָט עֶרוואַרטעט פוּן זיי.

אִין דֶעם הײַנטִיגֶען פּראָדוּקציאָנס־אוֹפן קֶען קיין שוּם גֶעשֶׁעפט נִיט בּלייבֶּען שטֶענדִיג אויף דער זֶעלבֶּער מדרגה; אַרוֹיף אָדֶער אַראָבּ, אָדֶער עֶר עֶנטווִיקֶעלט זִיך ווײַטֶער, אָדֶער עֶר גֶעהט צוּם גרוּנד. פִיעלֶע פּראָדוּקטִיוו־גֶענאָסֶענשאַפטֶען זֶענֶען אוּנטֶערגֶעגאַנגֶען צוּלִיעבּ פִיעלֶע ווײַטִיגֶע סבּוֹת: שטֶערֶענִישׁ פוּן דער מלוּכה אָדֶער פוּן דִי קאַפִּיטאַלִיסטֶען, און אָפטמאָל ווײַל עֶס פֶעהלט פּשוּט קאַפִּיטאַל און פֶעהִיגֶע מֶענשֶׁען צוּ פִיהרֶען אַזאַ גֶעשֶׁעפט. דאָרטֶען אָבֶּער, וואוּ אַזֶעלכֶע גֶענאָסֶענשאַפטֶען גֶעהֶען גוּט, עֶנטווִיקלֶען זיי זִיך טאַקִי וואָס מֶעהר און מוּזֶען לסוֹף נאָך אָננֶעהמֶען נײַע אַרבּייטֶער־קרֶעפטֶען. אָבֶּער יֶעדֶער פֶעראֵיין, וועֶלכֶער בּרייִנגט אײַן ווִינאָדֶעס, נוּצֶען, נאָר אַזוֹינֶע וועֶלכֶע פֶערקלֶענֶערֶען זִיך מִיט דֶעם וואוּקס פוּן דִי מִיטגלִידֶער, זוּכט זִיך אָבּצוּטיילֶען פוּן כלל, זוּכט אוֹיסנוּצֶען דִי ווִינאָדֶעס נאָר פאַר זִיך אַליין. דאָס אִיז גֶעווֶעזֶען מִיט דִי צֶעכֶען, ווען זיי זֶענֶען גֶעשטאַנֶען נִיט שלֶעכט, און אַזוֹי אִיז מִיט יֶעדֶער פּראָדוּקטִיוו־גֶענאָסֶענשאַפט, וועֶלכֶע גֶעהט גוּט. ווִי נאָר מֶען דאַרף צוּזֶעצֶען נײַע אַרבּייטֶער, דאָ נֶעהמט מֶען זיי שוֹין נִיט מֶעהר אָן ווִי חברים, נאָר ווִי לוֹין־אַרבּייטֶער. פוּן אַ פּראָדוּקטִיוו־גֶענאָסֶענשאַפט ווערט עֶס אַ קאַפִּיטאַלִיסטִישֶׁע אַקציאָנֶערֶע גֶעזֶעלשאַפט.

פאַר'ן קלאַסֶען־קאַמפף פוּן פּראָלֶעטאַריאַט אָבֶּער האָבֶּען דִי פּראָדוּקטִיוו־גֶענאָסֶענשאַפטֶען, בּײַ הײַנטִיגֶע גֶעזֶעלשאַפטלִיכֶע פֶערהֶעלטנִיסֶע, אַלס אײנצִיגֶע עֶרשײַנוּנגֶען, אַ גאַנץ קליינֶע, אִין בֶּעסטֶען פאַל אַנ'אוּנגֶעֶנבּלִיקלִיכֶע בֶּעדײַטוּנג.

דאָס אִיז אִיצטֶער אָנגֶענוּמֶען אִין אַלֶע סאָציאַלִיסטִישֶׁע קרײַ־

זען, די קאָנסום-פעראיינען זענען נאָך ווענינער פעהיג די סאָציאַל-פראַגע צו פערענטפערען, דען זיי בעריהרען אַפילו גאָר ניט דעם פעראַהעלטעניש צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט. דערפאַר האָבען די ביידע, קאָנסום- און פּראָדוקטיוו-גענאָסענשאַפט, פערלאָרען זייער קרעדיט ביי די אַרבייטער פון פעסט-לאַנד (קאָנטינענט) פון דער צייט אָן ווי די אַרבייטער-בעוועגונג איז אויסגעוואַקסען, און דער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנאַלער קאַמפּף האָבען פערנומען אַלע קרעפטען. די אַרבייטער האָבען נאָך מעהר פערלוירען זייער צוטרוי צו די גענאָסענשאַפטען פון דאַן, ווען אַ טייל פון דער בורזשואַזיע האָט זיך בענוצט מיט דעם בעוועגונג, כדי אָבצוציהען די אַרבייטער-בעוועגונג פון פּאָליטישען און פּראָפעסיאָנאַלען, איבערהויפּט פון קלאַסען-קאַמפּף און כדי אָנצוווייזען אַ מיטעל פאַר די אַרבייטער ווי זיך צו בעפרייען, ניט אָנריהרענדיג איין האָר אויך ניט פון קאַפּיטאַל. פון אַנ'אַלגעמיינעם מיטעל פון די סאָציאַליסטען זענען די גענאָסענשאַפטען געוואָרען אַנ'אַלגעמיינער מיטעל פון אַזעלכע עלעמענטען, וועלכע ווינשען כל-טוב די אַרבייטער, אָבער וואַגען זיך ניט אַרויסצוטרעטען אָפען אַנטקעגען קאַפּיטאַל, ווי צ. ב. די קריסטליכע סאָציאַליסטען, עטיקער א. ז. וו. אָדער ווי די אַנאַרכיסטען, וועלכע האַלטען דעם קלאַסען-קאַמפּף פאַר אַ לאַנגווייליגע זאַך, וואָס פערשאַפט צופיעל טרחה, און זוכען אַזעלכע מיטלען, דורך וועלכע די אַרבייטער זאָלען זיך מיט איין מאָל און גיך בעפרייען, אין פלוג זענען די עלעמענטען ניט מעהר, ווי פּשוט שפּאָגעל-נייע אויסגאַבען פון די אַלטע אוטאָפּיסטען, וואָס זיי לעבען ניט אין אָנהויב נאָר אין סוף פון 19-טען יאָהר-הונדערט. במילא, דאָס, וואָס ביי די אַלטע איז געווען אָריגינעל און געניאַל, קומט אַרויס ביי די איצטיגע אוטאָפּיסטען פּשוטע פּלוידערײַ, אַ חוץ דעם זענען זיי נאָך „קליגער“, ד. ה., פיעל אָרימער אין גייסט און פאַנטאַזיע, און פון דעסטוועגען גלויבען פיעלע פון זיי, אַז זיי האָבען גאַנצע וועלטען ענדעקט און האָבען געפונען אַ נייעם „ענטפער“ אויף די סאָציאַלע-פראַגע, אַ נייע אַלגעמיינע רפואה אויסגעזוכט, וועלכע בעשטעהט אין די פעראייניגונג פון קאָנסום-פעראיינען מיט די פּראָדוקטיוו-גענאָסענשאַפטען, דאָס רעכענען זיי פאַר דעם אָנשפּאַר-פונקט פון וועלכען זיי ווילען אומבייטען דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן אָהן אַ שום געוואַלטיגע איבערקעהרעניש.

די מעשה דערפון איז גאַנץ פשוט, שעהן און עדעל. די אַר־בײַטער גרינדען קאָנסום־פעראײנען און בעטצען זײער רוה צו גרינדען געזעלשאַפטליכע בעטריבע, וועלכע פראָדוצירען אַלץ אַלײן וואָס דער פעראײן בעדאַרף. וואָס גרעסער די קאָנסום פעראײנען וועגען, וואָס ברײטער עס וועגען די פראָדוקטיוו־בעטריבע, דאָס גרעסער איז זײער רוה, דאָס מעהר קאַפּיטאַל קענען זײ אָנקלײבען. און אויף אַזאַ אופן קענען זײ ביסלעכווײַז אומבײַטען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוק־ציאָן אויף פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטען.

די טעאָרעטיקער פון דיזער אידעע זענען אין דײַטשלאַנד די הערען בוש און ד״ר מילבערגער. דער ערשטער ערקלעהרט, דאָס צו אַ געשעפט דאַרף מען אײגענטליך ניט געלד, נאָר קונים, קונדשאַפט. ס'רוב קונים זענען דאָך אַרבײטער, הײַנט ווען די אַרבײטער, אַנשטאָט צו קויפען בײַ די קאַפּיטאַליסטען, וואָלטען געקויפט אין די אײגענע, געזעלשאַפטליכע קראָמען, וואָלטען דאָך די קאַפּיטאַ־ליסטען מיט גאָר נישט געבליבען, און צו זײער עקספּלאַטאַציע וואָלט דאָך במילא געקומען אַ סוף.

„די גאַנצע קראַפט פון דער בורזשואַזיע ליעגט ניט אין איהר געלד, נאָר אין דעם רוה, וואָס איהר טראָגען אײַן איהרע געשעפטען, איהרע פירמעס, איהרע פערמיטלונג. לאָזט איהר, דער בורזשואַזיע, איהר ביסעל געלד, נאָר גיט איהר ניט די געלעגענהײַט צו זײַן אַ פער־מיטלער צווישען פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן (פערברויך), לאָזט איהר ניט מאַכען מסחרים, דאַן איז זי במילא טויט געשלאָגען, דען איהר פערשטאָפּט איהר דעם אײנציגען קוואַל פון איהר רײַכ־קײַט און כח, אַלע מיטלען פון הערשונג, פון ווירקונג און שוחד זענען איהר אָבגענומען. די הויפּט זאַך איז נור, אַז די אַרבײטער זאָלען אויפהערען געבען מתנות פּריוואַט־פערמיטלער דער מיט, וואָס זײ קויפען בײַ זײ סחורה, נאָר זײ זאָלען זוכען אַרײַננעהמען אין זײער אײגענע הענד דעם קאָנסום, ווי אויך די פּראָדוקציאָן פון די סחורות. אמת, מיט דעם גוטען רצון פון אײנציגע אַרבײטער קען מען נאָך גאָר ניט מאַכען. אָבער דאָס איז אָבהענגיג פון דעם גאַנצען אַרבײטער־קלאַס. קודם כל דאַרף יעדערער אײנציגער אַרבײטער קויפען אַלע זײַנע געברויכס־מיטלען אין דעם אײגענער קראָם, ד. ה. בײַ דעם קאָנסום־פעראײן, ווען דער צאָהל פון אַרבײטער קונים וועט פערגרעסערט ווערען אויף אַזוי פיעל, אַז פיעלע אַזעלכע קראָמען וועלען

האָבען די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען און פערשפרייטען, דאַן קען מען רעכענען, אַז די רעפאָרמע איז שוין אין איהרע הויפט־טהייל דורכגעפיהרט."

די קאָנסום־פעראיינען דאַרפען זיך לאָזען פיהרען מיט איין פּלאַן, געהאָרכען און ווילען. „דעם רוה, וועלכען די קליינע קאָנסום־קרעמלעך טראָגען איין, ווענדעט מען אָן צו גרינדען פאַבריקען און גרויסע מאַגאַזינעס, וועלכע קענען זיך ענטוויקלען און איינטראָגען גרויסע רוה, דאַנק די שטענדיגקייט און זיכערהייט פון די קונדען פון דיזע קאָנסום־פעראיינען. די אַרבייטער־גענאָסענשאַפטען וועלען אויף אַזאַ אופן אַריינקריגען אין זייערע הענד דעם גאַנצען פּראָדוקציאָנס און האַנדלונגס־לעבען, במילא וועלען צו זיי איבערגעהן אויך זייטיגע אונטערנעהמונגען, למשל: מאַשין־פאַבריקען, פערזיכערונגס־געזעלשאַפטען, באַנק־געשעפטען א. ז. וו., אויף וויפיעל זיי וועלען זיין נויטהיג". יעדער איינציגער אַרבייטער וועט 10 מאָל מעהר פערדינען, ווי ער פערדינט היינט. און „דער מענשען־ווערגער און דריקער — די אָרעמקייט — וועט לסוף בעצוואונגען ווערען" (ערנסט בוש. „די סאָציאַלע פראַגע און איהר בעענטפערונג").

דיזע גראָסאַרטיגע לעהרע, וועלכע פיעלע סאָציאַל־פּאָליטיקער האָבען גענומען אונטער זייער שוץ, איז אַזאַ מין פּראַכט, אַז מען דאַרף טאַקי זיין אַ „פּאַרקאָכטער" און אַ גלויבעדיגער מאַרקסיסט, אום מיט איהר ניט אַיינצושטימען, דיזע „דאָגמאַטיקער"*) זענען אין אמת'ן גרויסע עקשנים און גלויבען נאָך טאַקע אין מעהר־ווערטה, און רעזערוונע אַרמעעס און אין די צוזאַמען־זאַמלונג פון קאַפּיטאַל, און דעריבער זענען זיי מקבל־פּנים די נייע רפואה־לעהרע מיט אַ נאַיינפאַכען געלעכטער.

דער לוין אַרבייטער שאַפט אַ מעהר־ווערטה, וועלכער געהט איבער אין גאַנצען צום קאַפּיטאַליסט. ער אַרבייט אוים שטענדיג מעהר, ווי פיעל ער פערברויכט, דאָס ענדערט זיך ניט אום אַ האָר ניט, ווען דער גאַנצער אַרבייטער־קלאַס קויפט אַלץ, וואָס ער דאַרף,

*) דאָגמאַטיקער—(פון וואָרט דאָגמע—כלל, וועלכען מ'האַלט פאַר אמת און פאַר אייביג, ניט נאָכפאָרשענדיג, אויף ווי ווייט ער איז אמת און אייביג)—מענשען, וואָס גלויבען אין געוויסע כללים (דאָגמעס), וועלכע זיי האַלטען פאַר אייביגע.

געננאָסענשאַפטליך און אַפּילו אויך דאַן ניט, ווען ער פּראָדוצירט עס געננאָסענשאַפטליך. היינט צוטאג פּראָדוצירען די קאַפּיטאַליסטען פאַר'ן וועלט־מאַרק, דער קאָנסום (פערבּרויך) פון די אַרבּייטער איז מעהר ניט ווי אַ טהייל פון דעם אינעוויינעדיגען־מאַרק, אין יעדעס פאַל, דערמיט וואָס די קאַפּיטאַליסטען וועלען פערליערען די אַרבּייטער קונדען, וועגען זיי נאָך גאָר ניט אַזוי טויט געשלאָגען, דען זיי האָבּען נאָך גענוג צו שאַפען פאַר די רעגירונג, פאַר די בּורזשואַזיע און איהרע פּאַראַזיטען.

אָבּער די קאָנסום־געננאָסענשאַפטען קענען ניט אָרגאַניזירען דעם גאַנצען קאָנסום אַפּילו פון די אַרבּייטער אַליין אויך ניט. די אַרבּייטער פאָהרען דאָך מיט'ן באַהן אויך. נו איז דאָס אַ סברה, אַז דערמיט, וואָס זיי קויפען זייערע לעבּענס־מיטלען בּיי די קאָנסום־פערנען, וועלען זיי דערמיט איבּערגעבּען שינעס־וואַגאָנען — לאָקאָמאָטיף־פאַבּריקען?

ווען מען זאָל זיך אָבּער גוט צוקוקען, וועט מען זעהן, אַז נאָר דער קליין־האַנדעל בּענוגענט די דירעקטע און פּערזענליכע בּעדערפניששען פון דעם אַרבּייטער, די קאָנסום־ און־ פּראָדוקטיוו־געננאָסענשאַפטען נעהמען גיכער אָבּ די קונים בּיי קליין־הענדלער, ווי בּיי די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, און אויף אַזאַ אופן דינען זיי ניט צו פערקלענערען דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר להיפך, צו פערגרעסערען זיין צאָהל. ניט די גרויסע קאַפּיטאַליסטען דעריבּער, נאָר די קליינע הענדלער און בּעלי־מלאכות פיהרען אַ בּיטערע מלחמה אַנטקעגען די געננאָסענשאַפטען, עס איז דאָך נאָר צום לאַכען, ווען די אַנטיסימיטען וואַרפען פאָר דער סאָצ. דעמ., אַז זי טרעט אַרויס אַנטקעגען די פּראָדוצירענדע קלאַסען און ניט אַנטקעגען די פאַרמיטלער! פון וועלכע טיילען פון דער געזעלשאַפט נעהמען זיך די אַנטיסעמיטען? וואָס זענען אָט די אַלע קרעמערלעך, שיינקערס, קצבים א. ז. וו. — פּראָדוקטיווע־קלאַסען, אָדער צווישען־הענדלער? און די קליינע בּעלי מלאכות וואָס זענען דען אַנדערש, ווי ניט לאַטוטניקעס, אָדער פערמיטלער צווישען פערבּרויך און דעם פערבּרויכער! און טאַקי דערפאַר, ווייל דער הויפּט־קרן פון די אַנטיסעמיטען בּעשטעהט פון קליינע פערמיטלער, זענען זיי אַזוי אויפגעקאָכט אַנטגעגען די יודישע סוחרים, פערמיטלערס און פעדלערס. די קריסטליכע „פּראָדוקטיווע־קלאַסען" ווילען פאַר זיך האַלטען די פערמיטלונג, ד. ה. אַליין עקספּלואַטירען די קריסטליכע אַרבּייטער.

דעריבער טרעטען זיי ארויס אויף א מאל אנטקעגען די „אונמאראלישע" פערמיטלונג, ווי אויך אנטקעגען די ארבייטער־קאנסום פעראיינען, וועלכע, אמת געזאגט, האבען זעהר פערזינדיגט דערמיט, וואס זיי, דיזע קאנסום־פעראיינען, זוכען צו בעגרענצען ניט נור אליין דעם יודישען צווישען האנדעל, נאר אויך דעם קריסטליכען. אויך אין דייטשלאנד זעהען מיר, אז דוקא טאקי די פארטייען, וועלכע האלטען אין איין שרייען און זידלען דעם „בעוועגליכען קאפיטאל" און דעם האנדעל און וועלכע אין טעאריע שטעהען מיט לייב און לעבען פאר די פראדוצירענדע קלאסען, זענען אין אמת'ן, אבער די פייערדיגסטע אונטערשטיצע פון צווישען־האנדעל. דיעזע פארטייען פיהרען די מלחמה אנטקעגען די גענאסענשאפטען מיט נאר וואס פאר א מיטעל זיי קענען, ווייל זיי מוזען זיך רעכענען מיט די קליין־בורזשואזנע עלעמענטען, פון וועלכע זיי זענען צוזאמענגעזעצט. פאר דיזע עלעמענטען איז דער צווישען האנדעל די איינציגע ישועה, וועלכע האלט זיי נאך אב פון צו ווערען פראלעטאריער. נאר זייער שנאה צו די גענאסענשאפטען איז זייער קורצזיכטיג, ווארום וואס זיי זאלען ניט טהאן — דער גרויס־בעטריעב בעגראבט זיי דאך סיי ווי סיי. די גענאסענשאפטען זענען ניט מעהר ווי א בעזונדער מין גרויס־בעטריעב און דערצו אזא, וועלכער האט האטש זיין גוטען צד פאר די, וועלכע וועלען ניט ווערען. היינט — מארגען פראלעטאריער: ס'איז דאך פיעל בעסער פאר זיי צו ווערען עקספראפריאירט*) פון די גענאסענשאפטען, אין וועלכע זיי אליין וועלען קענען האבען אנ'אנטהייל, איידער צו ווערען בערויבט פון די קאפיטאליסטען. אבער די שנאה פון די קליין־בורזשואזיע צו די גענאסענשאפטען ווייזט אונז, וואס פאר א גראבען טעות ס'האבען די, וועלכע גלויבען, אז די גענאסענשאפטען בריינגען מעהר ווי אלעמען שאדען די קאפיטאליסטען.

אפט טרעפט זיך, אז די קאפיטאליסטען אליין גרינדען קאנסום־גענאסענשאפטען פאר זייערע ארבייטער (ווי קרופפ אין דייטשלאנד). אמת, אזעלכע קאנסומען זענען גאר ניט זעלטען מעהר, ווי פערבארגענע אונטערנעהמונגס־שווינדעל, וואו דער בעל־הבית צאהלט די ארבייטער מיט סחורה, נאר ניט שטענדיג פון דעסטוועגען איז דאס אזוי. פאר'ן פאבריקאנט אליין איז בעסער, ווען זיינע ארבייטער ווערען ניט בע-

*) עקספראפריאירען, הייסט צונעהמען דאס גוט'ס.

דיסען פון די צווישען־הענדלער; וואָס בעסער זיי זענען געשפּייזט און געקליידט, דאָס בעסער אַרבּייטען זיי און דערצו נאָך אָהן שכירות פערגרעסערונג.

די קאָנסום־גענאָסענשאַפטען דערגרייכען זייער ציעל דורך אַר־בּייטס־איינשפּאָרונג. אין דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט הייסט דאָס אָבער ניט פערקלענערען די אַרבּייטס־צייט נאָר דאָס הייסט פערקלענערען דעם צאָל פון די בעשעפטיגטע אַרבּייטער, פערמעהרען די רעזערווע אַרמעע פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די קאָנסום־גענאָסענ־שאַפט קען אויף אַזאַ אופן נאָך ניט גערעכענט ווערען פאַר'ן בעסטען מיטעל, ווי פּטור צו ווערען פון אַלע אָרימקייט.

ווען אַרבּייטער־פערבּרויך הייסט אויף קיין אופן ניט פער־בּרויך פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע אויסגעאַרבּייטע סחורה, זאָ בעדייטען די קאָנסום־גענאָסענשאַפטען נאָך ניט אַפילו די אָרגאַניזאַציאָן פון די קונדשאַפט פון אַלע אַרבּייטער. איינע פון די וואָרצלען, וועלכע ער־נעהרען נאָך עד היום דעם קליין־האַנדעל, האָטש זיינע אויפגאַבּען וואָלטען געקענט אָהן איהם פיעל בעסער און וועלוועלער אויסגעפיהרט ווערען, איז דער קרעדיט, ניט נאָר דער, וועלכען ער בעקומט, נאָר אויך דער, וועלכען ער גיט אַנדערע.

די ביידע מינים פון קרעדיט זענען ווירקונגען פון איבּער־פּראָדוקציאָן און פאַר דעם נאָכיאָגען זיך נאָך קונדען. פאַר אַ גרויסען טייל פּראָלעטאַריער, פאַר די גרויסע קבצנים, איז דער קרעדיט פון קליין־הענדלער אַ גרויסע שטיצע. צום קרעדיט קומען אָן די, וועל־כע געפינען אַרבּייט נאָר צייטענווייז. אָהן קרעדיט וואָלטען זיי אפשר געשטאָרבּען פון הונגער אָדער גאָר מוזען געהן גנבה'נען.

זיי דאַרפען דעם קליין־הענדלער, ווי ער דאַרף זיי. אָרגאַניזירען פון אַזעלכע קונים קאָנסום־גענאָסענשאַפטען איז אונמעגליך; דען אַ־זעלכע פעראיינען קענען נאָר עקזיסטירען, ווען זייערע קונדען צאָהלען זיי במזומנים. מען קען געוועהנליך אַ מאָל אויסהעלפען עטליכע מיט־גליעדער, פערלייכטערען זיי, ווען זיי געפינען זיך אין אַ נויט, האָטש דערמיט, וואָס מען פעררעכענט זיי דעם רוח, וואָס זיי וועלען דאַר־פען בעקומען, נאָר אַריינפיהרען אַ בּרייטען קרעדיט איז אונמעגליך פאַר די קאָנסום־פעראיינען, וואָרום אין דעם פאַל וועלען זיי זיך ניט קענען ענטוויקלען, פונקט ווי די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, קענען

אויך די קאָנסום-געזעלשאַפטען צו זיך צוציהען די שטאַנד פון די אַרבייטער, אָבער ניט די גאַנצע אַרבייטערשאַפט.

אַזוי וועט עס דויערען אַם וועניגסטענס, ביז וואַנען עס וועט ניט אַראָבקומען אַ ישועה פון דער זייט, ד. ה., דורך דעם, וואָס די מלוכה וועט זיך אַריינמישען און וועט איינפיהרען אַ נייעם אָרדנונג, וועלכער וועט אין גאַנצען בטל מאַכען דעם לומפען-פּראָלעטאַריאַט און אויפהייבען אויף די מדרגה פון אַרבייטער אַריסטאָקראַטען אַלע די, וועלכע אַרבייטען פאַר בעטלירשע שכירות, נאָר אַזאַ פערענדרונג וועט מסתמא אויספאַלען מיט די אָבשאַפונג פון פּראָלעטאַריאַט אין גאַנצען.

דאַן וועלען מיר דאָך האָבען צו טהון מיט אַ גאַנץ נייער געזעלשאַפט. דאָ אָבער האַנדעלט זיך אום צו וויסען, וואָס פאַר אַ ווירקונג די קאָנסום-גענאָסענשאַפטען קענען האָבען ביי די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע פערהעלטניסע, און דאָ בלייבט דער כלל, אַז אַ היבשער טייל פון פּראָלעטאַריאַט קען ניט, צוליעב זיין קלאַסען-לאַגע געהערען צו די קאָנסום-גענאָסענשאַפטען.

אומגעקעהרט, יעדער, וועלכער קען נאָר צאָהלען במזומנים, קען זיך בענוצען מיט דיזע גענאָסענשאַפטען. און אין אמת'ן טאַקי זענען דאָס נאָר ניט די אַרבייטער, נאָר בעאַמטע, אָפּיצערען, בורזשועס וכדומה, וועלכע בענוצען זיי אויפ'ן בעסטען אופן. ווען די גענאָסענשאַפטען וואָלטען באמת אונטערגראָבען די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג, דאַן דאַרפען מיר זאָגען, אַז די בורזשואַזנע בעלי-הבית'טעם העלפען דערצו נאָך פיעל בעסער, ווי די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבייטער. משטיינס געזאָגט, די פּראָלעטאַריער וועלען בעפרייט ווערען דורך דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטען, צוליעב זייער נאַרישקייט, וועלען זיך אַליין אַ מיתה אָנטהון דערמיט, וואָס זיי לאָזען אַליין פון זיך אַוועק זייערע קונדען.

אמת, מיר האָבען פערגעסען נאָך מיט איין זאַך זיך צו רעכענען, די קאָנסום-געזעלשאַפטען, הוץ דעם, וואָס זיי אָרגאַניזירען די קונדשאַפטען פון די אַרבייטער, ברייגגען זיי נאָך דערצו אַ רוה אויך; און דאָס, וואָס מען וועט ניט דערגרייכען מיט דער ערשטער ד. ה. מיט די אָרגאַניזאַציאָנען פון די קונדשאַפט, וועט מען דערגרייכען מיט דעם רוה, ווען דיזע פעראיינען, אָנשטאָט צו צוטיילען דעם רוה צווישען די מיטגליעדער, וואָלטען איהם אַריינגעלעגט אין געשעפט, כדי איהם צו פערברייטערען, צו גרינדען נייע פאַבריקען און זאַוואָדען, וואָלט

דאָך דער שותפות'דיגער קאַפּיטאַל אויף אַזוי פיעל אויסגעוואַקסען און אָנגעזאַמעלט זיך, אַז ער וואָלט איינגעשלונגען דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַל.

דיזער השבון איז אַזוי ריכטיג, פּונקט ווי יענער, וואָס מען רעכענט אויס, וואָס פאַר אַ גרויסען קאַפּיטאַל מען וואָלט היינט געקענט בעקומען, ווען מען וואָלט אַוועקגעלייגט אַ קאָפּיקע אויף פּראָצענט־פון פּראָצענט אין דעם טאָג, וואָס יעזוס איז געבוירען געוואָרען. ווען אין יענער צייט וואָלט מען געגרינדעט אַזעלכע קאָנסום־געזעלשאַפטען, ווען דער פערעין וואָלט די גאַנצע צייט מאַכען גוטע געשעפטען און דעם רוה וואָלט ער פערטהון אויף צו פערבעסערען דעם געשעפט, דאַן וואָלט בלי ספק אַזאַ פעראיין אויף אַזוי פיעל רייך געוואָרען, אַז ער וואָלט געקענט היינט די גאַנצע ערד און אַלץ וואָס אויף איהר געפינט זיך אָפּקויפען. דער אונגליק איז אָבער, וואָס אונזערע געזעלשאַפט־פאַנטאַזיאָרען האָבען זיך פערשפּעטיגט כמעט אויף גאַנצע 19 הונדערט יאָהר, און די צרה איז, וואָס זייער השבון מאַכען זיי אין אַזאַ געזעלשאַפט, וואו דער קאַפּיטאַל האָט שוין כמעט די גאַנצע וועלט איינגענומען און פון יאָהר צו יאָהר פערגרעסערט ער זיך אויף אַזוי פיעל, אַז די קאַפּיטאַליסטען ברעכען זיך דעם מח, וואוהין צו לייגען זייער קאַפּיטאַל. פאַר דעם צוואַקס פון זייער קאַפּיטאַל. און דיזעם משונה'דיג גרויסען קאַפּיטאַל וויל מען אַנטקעגען שטעלען דעם רוה פון עטליכע קאָנסום־געזעלשאַפטען! דאָס וואָלט טאַקי געווען אַ קאַמפף פון אַ דערוואַקסענעם ריעז מיט אַ צוויי־יעהריגען קינד.

ווי די פרוי וועב ווייזט אויף אין איהר בוך איבער די ענגלישע קאָנסום־געזעלשאַפט־בעוועגונג, איז אין ענגלאַנד און שאָטלאַנד, וואו די געזעלשאַפטען זענען מעהר ווי אומעטום ענטוויקעלט, אין יאָהר 1889 געווען אָרגאַניזירט 1389 קאָנסום־פעראיינען מיט 961,000 מיטגליעדער. די אַלע פעראיינען צוזאַמען האָבען געהאַט אַ שענעם רוה פון 33 מיליאָן רובל, דאָס קלינגט זעהר פיין, נאָר אין זעלבען יאָהר האָט זיך אין ענגלאַנד געגרינדעט 2788 אַקציאָנערע געזעלשאַפטען מיט אַ קאַפּיטאַל פון 2,316 מיליאָן רובל.

די 33 מיליאָן רוה, וואָס די געזעלשאַפטען האָבען געהאַט, איז אָבער דאָס רוב איינגענומען פון צווישען האַנדעל. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי זענען פעראייניגט אין 2 גרויס־איינקויפט־געזעלשאַפטען, די ענגלישע און די שאָטלענדישע, וועלכע האָבען צוזאַמען לערך 1 מיליאָן מיטגליעדער און 1,200 פעראיינען, קענען

די געגאָסענשאַפטען נאָר אַ גאַנץ קליינעם טייל פון די סחורה אַליין פּראָ־דוציִרען, ווייל די קונדשאַפט פון די אַרבייטער פון איין לאַנד אַליין איז צו קליין פאַר אַ היינט־מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונג. אַזאַ אונטערנעהמונג דאַרף פאַר זיך האָבען דעם וועלט־מאַרק, וואו זי קען אין גאַנצען ענטוויקלען איהר פּראָדוקטיוו־קראַפט.

„די פרייוויליגע קאָנסום־פעראייניגונגען — זאָגט פּראָף. וועב, אַ הייסע אָנהענגערין פון די געגאָסענשאַפטען — מוזען זיך אין אמת'ן בעגנוגענען מיט צושטעלען אַזעלכע סחורות, וועלכע זענען נויטיג פאַר דעם פּערזענליכען געברויך, אָבער וועלכע זענען ניט דוקא אַזוינע, אָהן וועלכע מען קען זיך קיין מאָל ניט בעגעהן און אויף זייער אויסאַרבייטונג זאָל מוזען דוקא אַ מאָנאָפּאָל עקזיסטירען. אין יעדען פאַל מוז די נאָכפראַגע זיין אויף זיי גענוג גרויס און אַ שטענ־דיגע. אין היינטיגער געזעלשאַפט קען נאָר אַ בעגרענעצטער טייל פון פאָלק נעהמען אַנטייל אין די קאָאָפּעראַטיוו־געגאָסענשאַפטען, דער טייל, וועלכער איז ניט צו רייך און ניט צו אָרים פאַר אַזאַ דע־מאָקראַטישע זעלבסט־פערוואַלטונג“.

די געגאָסענשאַפטליכע פּראָדוקציאָן איז אין נאָך מעהר איינ־גערערע ראַמען איינגעשמידט. „זעהר אַ קליינע־טהייל פון די סחורה (וועלכע די אַרבייטער פערברויכען) קען אויסגעאַרבייט ווערען דורך די פּראָדוקטיוו־געגאָסענשאַפטען. דער הויפּט־טהייל פון די סחורה, וועלכער דער אַרבייטער פערברויכט (לעבענס־מיטלען, טאַבאַק א. ז. וו.), ווערט אַריינגעפיהרט פון אויסלאַנד. פון זיין איבעריגען געברויך דאַרף מען נאָך אַראָבּרעכענען דאָס, וואָס ער ניט אויס אויף אַלטע זאַכען, וועלכע די רייכע קלאַסען האָבען שוין גענוצט; און ווי בעקאַנט, איז דער געברויך פון אַלט־ווערק זעהר פערשפּרייט צווישען די אַר־בייטער. לסוף האָבען מיר נאָך אַנ'עקאָנאָמישען גרענעץ פיר יעדע פּראָדוקציאָן, ד. ה. די נאָכפראַגע דאַרף גענוג גרויס זיין, כדי עס זאָל לוינען אַ בעשטימטען אַרטיקעל אויסצואַרבייטען. צום ביישפּיעל „די פעראייניגטע גרויסהאַנדלונג־געגאָסענשאַפט“, האָטש זי איז גאַנץ נאָהנט פון הויפּט פונקט פון באַוועל־פאַבריקאַציאָן (מאָנטשעסטער) האָט זיך ניט געפּיהלט בכח אַליין אונטערנעהמען די פּראָדוקציאָן פון באַוועלנע שטאָף. די אַרבייטער פערברויכען זעהר פערשיעדענע מינים שטאָף. דערפון קומט אַרויס, אַז די פאָרדערונג אויף איין מין שטאָף איז אַזוי קליין, אַז עס לוינט נאָר ניט איהם צו פאַבריציִרען.

אַפילו אין דער הויפּט־פאַבריק אויך ניט. דיעזער גרענעץ פון דער פּראָדוקציאָן איז אַ גרויסע שטערונגעש פאַר אַ דעמאָקראַטישע פאַבריקאַציאָן" (ב. סידניי וועב. „די ענגלישע געוואָסענשאַפטס־בעוועגונג").

מיר זעהען, אַז די נייע געוואָסענשאַפטען, וועלכע בעאַרבייטען אַליין אַלץ, וואָס זיי דאַרפען, זענען ניט אין כּח, פּונקט אַזוי ווי די אַלטע, וועלכע זענען געוועזען נאָר האַנדלונגס־געזעלשאַפטען, צו בעענטפערען די סאָציאַל־פראַגע, צוצוברעכען די מאַכט פון קאַפּיטאַל. פון דעם אַלעם איז נאָך אָבער ניט געדרונגען, אַז די געוואָסענשאַפטען האָבען קיין שום בעדייטונג ניט און מען דאַרף זיי אין גאַנצען אַוועקוואַרפען. אַזוי קלערען וואָלט דאָס הייסען קוקען אויף די געוואָסענשאַפטען פּונקט אַזוי אוטאָפּיסטיש, ווי די אַנאַרכיסטען אָדער אַנדערע קאָנסום־פעראיינס־פאַנטאַזיאָרען.

דאָס, וואָס מיר האָבען גערעדט ענטקעגען די קאָנסום־פעראיינען, האָט מען אויך געקענט זאָגען ענטקעגען דעם פּאָליטישען און פּראָפעסיאָנעלען קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט, ענטקעגען וואַהלען, ענטקעגען שטרייקען, צייטונגס־פּראָפּאַגאַנדע א. ז. וו. ווי מען האָט שוין טאַקי דאָס פּראָבירט. קיינע פון די דאָזיגע טהעטיגקייטען אַליין איז ניט בכּח צו פערענטפערען די סאָציאַלע פראַגע. דאָס בעווייזט אונז אָבער מעהר ניט ווי דאָס, אַז אַזאַ איין איינציגער מיטעל איז דערצו ניטאָ.

די בעפרייאונג פון אַרבייטער־קלאַס קען ניט אַרויסקומען פון אַנ'איין איינציגער אַלוועלטליכער רפואה. דאָס קען נאָר זיין אַ פּראָדוקט, אַ רעזולטאַט, פון דעם קאַמפּף פונ'ם אַרבייטער־קלאַס פאַר זיין לעבענס־פערבעסערונג, אַ קאַמפּף אויף אַלע זייטען. וואו נאָר ער איז נויטיג און מעגליך, און מיט אַלע מיטלען, וועלכע קענען ברענגען צו'ם ציעל. דער קאַמפּף דאַרף זיך ניט בעגרענצען נאָר אויף איין געביעט און מיט איין מיטעל. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף שטענדיג טראַכטען צו ערפינדען נייע הילפס־מיטלען און פערשפּרייטען דעם קאַמפּף אויף אַלע זייטען. ער מוז קלערען שטענדיג, ווי צו פיהרען די מלחמה מיט מעהר ענערגיע אין דער זייט, וואו דער נצחון איז מעהר זיכער. דערצו דאַרף ער זיך ניט לאָזען פיהרען פון דאָקטרינאַריזמוס (ד. ה. גלויבען אין אַזעלכע כּללים, וועלכע בייטען זיך קיינמאָל ניט אום), נאָר ער דאַרף מיט אָפענע

אײגענע קוקען און בעטראַכטען די װירקליכע, זיך שטענדיג אומבאַ־מענדרע פֿערהעלטעניסען. ניט אַלע מאָל און ניט אומעטום זענען אין קלאַסען־קאַמפּף די װעלביגע הילפס־מיטלען גוט, און דער פּראָ־לעטאַריאַט װעט ניט אויף איין מאָל גענוג שטאַרק און פֿעהיג זײַן צו פֿיהרען דעם קאַמפּף מיט נצחון אויף אַלע זײַטען. ער דאַרף שטענדיג פּרובירען זײַנע װאַפֿען, בעטראַכטען דאָס קאַמפֿפס־פֿעלד, פֿערלאָזען אַלטע מיטלען, װעלכע האָבען אַמאָל גוט געדינט, און אויפֿזוכען נײַע, װעלכע װאָלטען אפשר בײַ אַנדערע אומשטענדען טויגען אויף כּפּרות, אָדער אפשר ניט דערגרייכט דעם ציעל, נאָר היינט זענען זיי דוקא גוט.

אָט פֿון דיזען שטאַנד־פּונקט דאַרפֿען מיר אויך בעטראַכטען די קאָנסום־פֿעראײנען. מיר דאַרפֿען ניט פֿרעגען, אויב זיי קענען אין גאַנצען ברײַנגען די רפֿואה שלמה צו דער סאָציאַלער פֿראַגע, נאָר מיר דאַרפֿען זיך פֿרעגען אויב מען קען זיי אויך און אויף װי פֿיעל מען קען זיי אָנװענדען אַלס איינע פֿון די מיטלען אין קלאַסען־קאַמפּף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. אויף דיזע פֿראַגע װעלען מיר זוכען צו געבען אַ תירוץ.

II.

מען זאָגט, אַז די קאָנסום־פֿעראײנען ברײַנגען צװײערליי נוצען דעם פּראָלעטאַריאַט: עקאָנאָמישע און מאָראַלישע. חוץ דעם, װאָס זיי שאַפֿען איהם װעלװעלערע און בעסערע סחורה און דערצו נאָך אַ ביסעל רוה, זענען זיי די בעסטע שולע פֿון אַהדות און פֿון דעמאָ־קראַטישע פֿערװאַלטונג. על כּן ענטװיקלען זיי אין דעם פּראָלעטאַריאַט דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק און געפֿיהל. אַזוי זאָגען די ניכטע־רנערע פֿרײַנד פֿון די קאָנסום־פֿעראײנען.

ניט מיר װעלען לייקענען, אַז די מאַסע פֿון פּראָלעטאַריאַט בעדאַרף נאָך געװיסע ערציהונג, כּדי זי זאָל צײַטיג װערען פֿאַר'ן סאָציאַליזמוס. אָבער װאָס־װאָס, די ערציהונג פֿון די עטהיקער, װעלכע קוקען אויף די אַרבייטער, װי אויף קליינע הדר־יונגלעך, און אויף זיך, װי אויף זייערע רביים, איז פֿאַר אונז זייער אַ ספק'דיגע. בײַ יעדער מאָראַלישע ערציהונג פֿון דערװאַקסענע איז פֿאָראויסגעזעצט, אַז דער ערציהער האַלט זיך מאָראַליש העכער און קוקט פֿון אויבען

אַראָב אויף דיִ, וועלכע ער ערציִהט. ווי נאָר גוט און פּשוט דאָס מעג זײַן געמיינט בײַ דעם אָדער יענעם עטהיקער, סוֹף כּל סוֹף פיהרט דאָס דאָך צו אַ צבוע׳יאַקיש גלה׳ישע גאַוה פון דעם עטהיקער, וועלכער דאַנקט דעם אויבערשטען אָדער איך וויים ניט וועמען דערפאַר, וואָס ער איז ניט אַזאַ בעל־עברה׳ניק ווי אַנ׳אַנדער מאַרקסיסט רחמנא לצלן.

די בעסטע שוהלע, פון וועלכע ערוואַקסענע קענען האָבען אַ פעולה, איז דאָס לעבען אַליין. איהר אֱמונה, איהר געוויסהײַט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט פון טאָג צו טאָג צײַטיגער פאַרן סאָציאַ־ליזמוס, שעפּט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דעם פאַקט, וואָס די לעבענס־פערהעלטניסען פון הײַנטיגען פּראָלעטאַריאַט וועקען אין איהם אויף די פּאָליטישע מדות, וועלכע מאַכען זיכער זײַן גאַנצען נצחון אין דער מלוכה, און וואָס די איינענע פערהעלטניסען רופען בײַ איהם אַרויס די שטרעבונגען אָנצווענדען זײַן מאַכט, כּדי צו ערקעמפפען אַלעם נוטס, אַלע וויגאָרעס פון דער הײַנטיגער קולטור.

מיר געהערען ניט צו די, וועלכע מיינען, אַז ווי באַלד די אַר־בײַטער זענען בײַ געוויסע צופאַלען בעסערע פּאָליטיקער ווי אַנדערע קלאַסען, זענען זיי שוין צוליעב דעם אַליין אויך די בעסטע קונסט־קריטיקער, די טיעפסטע פילאָזאָפען, די בעסטע דאָקטוירים א. ז. וו.

דעם פּראָלעטאַריאַט, ווי יעדען אַנדער מענש, ערציהען די לעבענס־פערהעלטניסען; צווישען דיזע פערהעלטניסען שפּיעלען אָבער אַ גרויסע ראָלע די אָרגאַניזאַציאָנען, אין וועלכע דער אַרבײַטער נעהמט אַנ׳אַנטייל; אויך די קאָנסום־פעראיינען האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף זײַן האַראַקטער און זײַנע פעהיגקײַטען.

מען זאָגט, אַז פעראיינען ענטוויקלען דעם געפיהל פון אַחדות, אָבער דאָס איז ווייניג; דער געפיהל פון אַחדות איז אַזוי אַלט און אפשר נאָך פיעל עלטער פאַר די מענשהײַט אַליין; ער איז שוין געוועזען בײַ דער מענשהײַט, בשעת זי איז נאָך געשטאַנען אויף דער מדרגה פון אַפען (מאַלפּעס). דעם געפיהל בעגעגענט מען שטענדיג און אומעטום.

פערשיעדענע געזעלשאַפטען אונטערשיעדען זיך איינע פון די אַנדערע נאָר דערמיט, וואָס זיי האָבען אָדער האָבען ניט דעם געפיהל פון אַחדות, נאָר מיט דעם אינהאַלט און אומפאַנג פון דיזען געפיהל.

דער הײַנטיגער פּראָלעטאַריאַט אָבער קען נאָר דעמאָלט ער־

פיהלען זיין וועלט־היסטאָרישע אויפגאַבע, ווען זיין געפיהל פון אַחדות ענטוויקעלט זיך אַזוי וויט, אַז ער נעהמט אַרום די גאַנצע אַרבייטערשאַפט פון אַלע קולטורעלע לענדער; אַזאַ מין אַהדות קען ניט פעראייניגט ווערען מיט אַנדערע, מעהר בּעגרענעצטע מינים פון אַחדות. די צעכען און מאַרק־קהילות פון מיטעלאַלטער האָבּען ענטוויקעלט זעהר אַ שטאַרקען געפיהל פון אהדות. אָבּער דיזער געפיהל האָט פון דעסטוועגען גאָר ניט אַרויסגערופען אָדער פאָרגעגרייט דעם היינטיגען סאָציאַליזמוס. ער איז אַדרבא געוועזען דער היפך פון איהם.

עס איז דעריבּער ניטאָ קיין גרעסערע נאַרישקייט, ווי צו מיינען, אַז דערמיט, וואָס מען וועט יעצט צוריק איינפיהרען דעם מיטעלאַלטערישען קהל׳שען אייגענטום, וועט מען די בּויערן איינפלאַנצען סאָציאַליסטישע אידעען.

די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אַהדות ווערט שטאַרקער פאַר אַלץ ענטוויקעלט דורך די זעלבּסטשטענדיגע פּאָליטישע טהעטיגקייט פון אַרבּייטער־קלאַס. דאָס בּעווייזט אונז דער וואוקס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַהדות, וועלכע ענטוויקעלט זיך פונקט אויף אַזוי פיעל, אויף ווי פיעל עס וואַקסט די ווירקענדע קראַפט און קלאָרהייט פון די טהעטיגקייט פון די אַרבּייטער־פּאַרטייען אין פערשידענע לענדער.

די פּראָפעסיאָנעלע בּעוועגונג ענטוויקעלט אויך אַ אינטערנאַציאָנאַלע אַהדות, נאָר קודם כל צווישען אַרבּייטער פון דעם זעלבּען פאַך. זי רופט אַרויס דערבּיי אַ פערלאַנג, אַ שטרעבונג צו אַ מין צעכישע אָבּטיילונג פון די אַרבּייטער פון פערשידענע מלאכות, און די אָרגאַניזירטע פון די ניט־אָרגאַניזירטע.

דער פערעסענער מיטגליעד פון אַ פּראָפעסיאָנעלען פעראיין הויבּט ניך אָן צו קוקען פון אויבּען אַראָבּ ניט נאָר אויף די, וועלכע ווילען ניט צושטעהן צו דער אָרגאַניזאַציאָן, נאָר אַפילו אויף די, וועלכע קענען דאָס ניט טהון. די פערבּינדונג פון איין זייט בּריינגט צו אַנאָבּשיידונג פון דער אַנדערער זייט.

די שלעכטע זייטען פון דער פּראָפעסיאָנאַלער בּעוועגונג ווייזען זיך אָבּער גאָר ניט, אָדער זעהר זעלטען דאָרטען, וואו עס איז דאָ אַ שטאַרקע, זעלבּסטשטענדיגע פּאָליטישע אַרבּייטער־בּעוועגונג. ווילן מען זיי גוט בּעטראַכטען און שטודירען — דאַרף מען זיך ווענדען

צו אַזוינע לענדער, וואו עס איז ניטאָ אזא פּאָליטישע ארבייטער־בעוועגונג. גוט וועהען קען מען זיי אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ.

ווי שטעהט עס אָבער מיט די קאָנסום־גענאָסענשאַפטען? זיי זענען ניט אַזוי איינגעגרענעצט, ווי די פּראָפעסיאָנעלע פערעינען, אָבער, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, קענען צו זיי האָבען אַ צוטריט ניט אַלע טיילען פון פּראָלעטאַריאַט, דערצו נאָך זענען זיי גאָר ניט קיין ריינע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען. אַ קאָנסום־פערעין, כּדי ער זאָל קענען עקזיסטירען און בליהען, פאָדערט וואָס מעהר קונדען, וואָס זאָלען קענען צאָהלען נאָר במזומנים. ווי מיר ווייסען, פעהלט דעם פּראָלעטאַריאַט אין גאַנצען די מעלה. וואו נאָר עס ווענדט זיך אָן די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון קאָנסום־פערעין, מוזען געוועהנליך די מיטגלידער זעהען קריגען וואָס מעהר נייע קונדען, וועלכע זאָלען וואָס מעהר קענען קויפען און דערביי צאָהלען במזומנים. דורך דעם קאָנסום־פערעין ענטוויקעלט זיך אַ געוויסע אַחדות צווישען דעם בורזשואַזנעם און פּראָלעטאַרישען מיטגליעד, אין דער זעלבער צייט ענטוויקעלט זיך אָבער אויך אַ שפּאַלטונג פון פּראָלעטאַריאַט גופא אויף 2 חלקים, איינער אַנאַריסטאָקראַטישער, וועלכער צאָהלט במזומנים, דער אַנדערער, דער המון, וועלכער לעבט אויף באָרג.

עס איז דוקא ניט דער מין אַחדות, וועלכען עס דאַרף דער קעמפּפענדער פּראָלעטאַריאַט. וואָס איז אָבער דער תּוכן פון די אַחדות, וועלכעס עס ענטוויקעלט זיך אין די קאָנסום־פעראיינען? דער פּאָליטישער קאַמפּף און נאָך מעהר דער פּראָפעסיאָנעלער, פאָדערט, כּדי ער זאָל זיך איינגעבען, אַז יעדער איינציגער זאָל זיין איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען צום כּלל, ער זאָל זיין גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיינע חברים — מעלות, וואָס רופען גאַנץ אָפט אַרויס ביי סטרייקען און וואַהלען פּשוט וואונדער פון העלדישקייט. קיינער וועט ניט זאָגען, אַז די קאָנסום־פעראיינען זענען שוהלען פון העלדישקייט. דער צוועק פון אַזעלכע פעראיינען איז דער נוץ פון יעדען איינצעלנעם: דער מיטגליעד האָט גאָר ניט צו טהון, ער דאַרף מעהר ניט ווי נעהמען; די איינציגע גוטע מדה, וואָס די קאָנסום פעראיינען לערנען, איז די מדה צו צאָהלען במזומנים, זיי געוויינען אָב זייערע מיטגליעדער צו מאַכען הובות, אָבער געוויינען זיי ניט אָב פון דער מדה צו שטעלען דעם איינענעם „איך" העכער פאַר די אינטערעסען פון כּלל. וואָלוועל קויפען און פערקויפען — דאָס איז דער אַקס, אַרום וועלכען עס דרייט

זיך דער קאָנסום-פעראיין, דאָס איז אַ שוהלע פון קרעמער-גייסט, אָבער ניט פון געפיהל זיך מקריב צו זיין פאַר'ן כלל.

פון דעםטוועגען איז נאָך גאָר ניט געדרונגען, אַז דער קאָנ-סום-פעראיין מוז דוקא ענטוויקלען דעם קרעמער-גייסט.

מיר האָבען פריהער געזעהען, אַז די פראָפעסיאָנעלע פעראיי-נען ווייזען אויך אַרויס אַ געוויסע שטרעבונג צו בעשאַפען צעכישע אָבגעגרענעצטקייט, אָבער אַז דער פאָליטישער קאַמפף איז מנצח דיזע אָבגעגרענעצטקייט און העלפט צו ענטוויקלען נאָר די גוטע זייטען פון די פראָפעסיאָנעלע בעוועגונג. די אייגענע זאַך קען זיך אויך טרעפען מיט די קאָנסום-פעראיינען דאָרטען, וואו עס איז דאָ אַ שטאַרקע פאָ-ליטישע און פראָפעסיאָנעלע בעוועגונג, וועלכע וועט ניט דערלאָזען דעם קרעמער-גייסט זיך צו ענטוויקלען צווישען די מיטגליעדער.

דאָרטען אָבער, וואו דער קלאַסען-קאַמפף איז גענוג שטאַרק, וואו די קלאַסען-הפכים זענען זעהר פערשאַרפט, ווי איז זאַכסען, למשל, דאָרטען איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, אַז די קאָנסום-פעראיינען וועלען ווערען אַ בריק, וועלכער וועט אָבציהען אַ טייל אַרבייטער פון דער גאַנצער מאַסע פון פראָלעטאַריאַט און זיי אַריבערציהען צו דער בור-זשואַזיע.

וואו אָבער עס פעהלען די אַלע בעדינגונגען, ברייננען די קאָנ-סום-פעראיינען פאַר די ערציהונג פיעל מעהר שאָדען, איידער נוצען. עס וואָלט געווען די גרעסטע נאַרישקייט צו וועלען ענטוויקלען דורך קאָנסום-פעראיינען אַ סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין אַזעלכע לענדער, וואו די פערהעלטניסען זענען אַזוי ווייט אָבגעשטאַנען, אַז עס קענען זיך דאָרט ניט האַלטען צוליעב דעם קיין פאָליטישע און פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציאָנען.

אויסער אַהדות, זאָגט מען, ענטוויקעלט דער קאָנסום-פעראיין די פעהיגקייט פון דעמאָקראַטישע זעלבסט-פערוואַלטונג אין ווירט-שאַפטליכען לעבען, וועלכע וועט אַ מאָל דאַרפען פערנעהמען דעם אָרט פון די קאַפּיטאַליסטען *).

עס איז גאָר ניטאָ קיין ספק, אַז מען בעדאַרף שטאַרק אַזאַ

---

*) בעזאָנדערס ווייזט אויף דערויף פרוי א. גערהארד אין א בראָ-שיורקע „קאָנסום-געגאָסענשאַפטען און סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אין וועלכע מיר געפינען א סך אינטערעסאַנטע בעמערקונגען און פאַקטען.

שוהלע פון ווירטשאפטליכע דעמאקראטיע, אז דאס איז טאקע זעהר א נויטהיגע זאך; אבער קיינער וועט זיך אויך ניט איינשפארען און זאגען, אז נאר די קאנסום־געגאסענשאפטען בילדען אזעלכע שוהלען; יעדע פראדוקטיוו־געגאסענשאפט, יעדער פראפעסיאנעלער פעראיין, יעדע קהל'שע פערוואלטונג, אויף וועלכע די ארבייטער שפארען זיך אריין, יעדע מלוכה'שע פערוואלטונג, אויף וועלכע די ארבייטער קריגען א ווירקונג—זענען א שוהלע פון א דעמאקראטישע ארגאניזאציאן און פון זעלבסט־פערוואלטונג, און נאך אונזער מיינונג—א וויט בעסערע שוהלע, איידער די קאנסום־פעראיינען.

ניט אומעטום, ניט אויף אלע זייטען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען טויג א דעמאקראטישע פערוואלטונג. אזא פערוואלטונג איז דאס מעגליכער, וואס גיכער אלע אנטהיילנעהמער זענען אים שטאנד צו האבען אין אלע וויכטיגע פראגען אן'איינענע פעסטע מיינונג און וואס מעהר בעדייטונג עס האט די צוזאמענווירקונג פון אלע אנטהיילנעהמער.

אין אזא לאגע געפינען זיך גיכער פאר אלץ די פראדוקטיוו־געגאסענשאפטען, ס'הייסט אויף וויפיעל זיי בלייבען אויף זייער איינענעם טהעטיגקייטס־פעלד—ביי דער פראדוקציאן פון סחורה, אבער ניט ווען זיי פערנעהמען זיך מיט סוחר־מוכר־שאפט. אין א פראדוקטיוו־געגאסענשאפט פון שוסטער, צ. ב"ש, ווייס יעדער מיטגליעד, ווי די שטיוועל ווערען געמאכט, פון וואס פאר א לעדער און מיט וועלכע נעציינ א. ז. וו. יעדער פון זיי איז פעהיג ביי אלע געלעגענהייטען מיט ארבייטען, געבען אנ'עצה. ס'איז טאקי זעהר נויטיג די פריידיגע און ענערגישע מיט־ווירקונג פון יעדען מיטגליעד, כדי דער עסק זאל גוט געהן. די פראדוקטיוו־געגאסענשאפטען זענען געווים ניט די בעסטע שוהלע פון ארבייטער אהדות, זיי הויבען אויף און רייסען אפ זייערע מיטגליעדער פון איבעריגען פראלעטאריאט, אבער זיי זענען אנ'אויסגעצייכענטע שוהלע פון זעלבסט־פערוואלטונג אין ווירטשאפטליכען לעבען.

די דעמאקראטישע זעלבסט־פערוואלטונג אליין וועט נאך ניט קענען, אין שטרענגען זינען פוןווארט, פערנעהמען דעם פלאץ פון די קאפיטאליסטישע ארדנונג, אין וועלכער אבי ווער ס'איז, וואס האט נאר די פראדוקציאנס־מיטלען, ווערט אויך דער ארגאניזאטאר און דער פיהרער פון דער פראדוקציאן.

וואָס מעהר ספּעציעלע קענטניסען מען מוז האָבען פאַר אַ בעשטימטען פעלד פון דער געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט, קענטניסען, וועלכע ס'קען דערגרייכען נאָר אַ קלײנער טייל פון די אנטיילנעהמער, און וואָס וועניגער דער גאַנג פון אַ געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן איז אָבהענגיג פון די מיטווירקונג פון דער גאַנצער מאַסע אַנטיילנעהמער, דאָס וועניגער טויג אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן צו אַ דעמאָקראַטישע פערוואַלטונג. דער דעמאָקראַטיזמוס בעשטעהט דאָ אין דעם, וואָס די אַנטיילנעהמער גיבען איבער עטליכע געניטע מענשען, אויף וועלכע מען קען זיך פערלאָזען, אַז זיי זאָלען דינגען גוטע ספּעציאַליסטען, וואָס זאָלען אָרגאַניזירען און פיהרען דעם בעטריעב. אויף ווי ווייט די ספּעציאַליסטען פיהרען גוט דעם עסק, דאָס זעהען די אַנטהיילנעהמער נאָכ'ן ערפאָלג פון געשעפט. אַזאַ מין אָרגאַניזאַציאָן זענען די אַקציאָנערע געזעלשאַפטען.

וויל מען ווערען אַ מיטגליעד פון אַ שוסטער-פּראָדוקטיוו-גענאָסענשאַפט, דאַרף מען אַליין זיין אַ שוסטער. וויל מען אָבער ווערען אַנ'אַקציאָנער פון אַ כימישע אָדער אַ מאַשין-פאַבריק, דאַרף מען גאָר ניט זיין קיין כימיקער, ניט קיין מעכאַניק. די הויפט-זאַך דערביי איז דער צוטרוי, וועלכען מען האָט צו דער פערוואַלטונג, צו די דירעקטאָרען, צו זייער געניטקייט און צו זייער עהרליכקייט. ס'איז בעקאַנט, אַז ניט נאָר די פּראָדוקטיוו-גענאָסענשאַפט פערנעהמט דעם אָרט פון אַ אײנצעלנעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער איז דער פיהרער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּראָדוקציאָן, נאָר נאָך פיעל מעהר די אַקציאָן-געזעלשאַפטען, וועלכע זענען אַודאי ניט קיין שוהלע פון דעמאָקראַטישע זעלבסט-פערוואַלטונג.

אָבער אין דעם זינען שטעהען די רײנע קאָנסום-פעראײנען פיעל נעהנטער צו די אַקציאָן-געזעלשאַפטען, ווי צו די רײנע פּראָדוקטיוו-גענאָסענשאַפטען. זייער עסק איז מסחר, וועלכער איז גאַנץ פרעמד פאַר די גאַנצע מאַסע פון זייערע מיטגליעדער, די גאַנצע אַרבייט טוהען נאָר עטליכע אויסגעקליבענע פערטרויענס-מענשען און געדונגענע פריקאַזשטשיקעס. וויל מען ניט רעכענען דאָס קויפען פאַר אַ מיט-אַרבייטען — וואָרום אַז אויב אַזוי האָט מען בעדאַרפט יעדעם קינד פון אַ סוחר האַלטען פאַר זיין מיט-אַרבייטער — דאַן האָבען די מיטגליעדער פון אַ קאָנסום-פעראײן ניט מעהר צו טהון, ווי די אַקציאָנערען פון אַנ'אַקציאָנערע געזעלשאַפט; זיי קלויבען אויס זייערע פערטרויענס-

מענשען און לאָזען די זאַך געהען ווי עס געהט, און נאָר נאָך די רעזולטאַטען נאָך, גוטע אָדער שלעכטע, בלייבען זיי צופריעדען, אָדער ניט צופריעדען מיט זייערע אויסגעקליבענע און לסוף מאַכען זיי אַ הלוקה מיט'ן רוה.

שוין גאָר ניט ריידענדיג פון די פּראָדוקטיוו־געגאָסענשאַפטען, וועלכע זענען זעהר וועניג פערשפּרייט, קען מען זאָגען, אַז אין יעדען פּראָפעסיאָנעלען פעראיין, אין יעדען פּאָליטישען פעראיין, אין יעדע קהל'שע פערוואַלטונג, וואָס איז אויסגעקליבען דורך אַלגעמיינע שטים־רעכט, איז פאַראַן פיעל מעהר דעמאָקראַטישע זעלבסטפערוואַלטונג, ווי אין אַ וואָס'ער עס איז קאָנסום־פעראיין. דאָס איז נאָך איינגענטליך גאָר ניט קיין גרויסער פעהלער פון די קאָנסום־פעראיינען — אַ צייטונג איז אויך ניט קיין שוהלע פון דעמאָקראַטישער זעלבסט־רעגירונג, און פונדעסטוועגען איז זי זעהר אַ נויטהיגע כלי־זין אין בעפרייאונגס־קאַמפף פון פּראָלעטאַריאַט — אָבער אין יעדעם פאַל איז דאָך דאָס קיין מעלה אויך ניט.

פיעל בעסער שטעהט דאָס מיט דער עקאָנאָמישער בעדייטונג פון די קאָנסום־פעראיינען. עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז די קאָנסום־פעראיינען קענען געבען זייערע קונדען בעסערע און ביליגערע סחורה, ווי דער קליין־קרעמער, זייערע קונדען זענען זיכער, אַז מען וועט זיי ניט געבען קיין געפעלשטע סחורה און מען וועט זיי ניט אָבנאַרען. אמת, לאַסאַל האָט געמיינט, אַז דער אַרבייטער געווינט סיי ווי סיי גאָר ניט, ווארום דאָס וואָס ער געווינט פון די קאָנסום־פעראיינען פון איין זייט, פערליערט ער פון דער אַנדערער זייט, וויל, לויט דעם געזעץ פון שכירות, איז וואָס וועלוועלער עס ווערען די לעבענס־מיטלען פון אַרבייטער, דאָס ניעדעריגער פאַלען די שכירות. אָבער דער געזעץ, אין דער געשטאַלט, ווי לאַסאַל האָט איהם אַרויסגעשטעלט, איז, ווי ס'איז שוין לאַנג בעקאַנט, גאַנץ פאַלש. אָהן אַ ספק ווירקען די מקחים פון די לעבענס־מיטלען אויף די שכירות, אָבער ניט נאָר זיי אַליין האָבען אַזאַ ווירקונג, עס איז דאָ נאָך אַ סך אַנדערע סבות, וועלכע עס האָבען אויך אַ ווירקונג אויף די שכירות.

די שכירות ענדערען זיך ניט פונקט אַזוי, ווי די מקחים פון די לעבענס־מיטלען, זיי זענען וועניגער בעוועגליך; גאַנץ אָפט בלייבען זיי די זעלביגע, אַפילו דאַן, ווען דער מקח פון די לעבענס־מיטלען ווערט גרעסער, און אין דעם פאַל אַליין, וואָס רופט אַרויס די פערטייערונג פון

די לעבּענס־מיטלען, מאַכט גיכער ערגער די לאַגע פון די אַרבּייטער, איידער פערגרעסערט זייערע שׂכירות.

פון דעם שטאַנד־פּונקט דאַרף מען בּעטראַכטען דעם שוץ־צאָל און בּימעטאַליזמוס. עס קען זיך אומגעקעהרט טרעפען, אַז דער מקח פון די לעבּענס־מיטלען וועט פאַלען, בּעת די שׂכירות בּלייבּען די זעלבּיגע. דאָס קען זיך מעהר טרעפען דאָרט, וואו די אַרבּייטער זענען פּראָפעסיאָנעל און פּאָליטיש גוט אָרגאַניזירט. אויף אַזאַ'נ'אופן זעהען מיר אויך דאָ, אַז פריהער פאַר אַלץ איז נויטהיג אַ שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן, כּדי די קאָנסום־גענאָסענשאַפטען זאָלען האָבּען אַ בּעדייטונג אין אַ בּעפרייאונגס־קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט.

מען וואָלט געקענט אייגענטליך מיינען, אַז פאַר דעם בּעפרייאונגס־קאַמפּף איז גאַנץ גלייך, צו מען וואָלט מאַכען וועלוועלער פאַר'ן אַרבּייטער די לעבּענס־מיטלען (אָדער צו ער וועט בּעקומען אַ געוויסען רווח), אַפילו דאַן, ווען די שׂכירות וועלען בּלייבּען די זעלבּיגע; דאָס פערהעלטניש צווישען קאַפּיטאַל און אַרבּייט וועט זיך דערפון אויף אַ האָר ניט אומבּייטען.

אַ דירעקטע פערענדערונג איז דאָ טאַקי ניטאָ, דאָס איז אמת. די עקספּלואַטאַציאָן פון אַרבּייטער בּלייבּט אונפערענדערט, כּל זמן עס וועט זיך ניט אומבּייטען דאָס פערהעלטניש צווישען די שׂכירות און דעם ווערטה, וועלכען דער אַרבּייטער בּעשאַפט, גאַנץ גלייך, אויבּ דער אַרבּייטער בּעקומט פאַר זיינע שׂכירות מעהר אָדער ווייניגער לעבּענס־מיטלען. נאָר פאַר דעם אופן אַליין, ווי דער אַרבּייטער פיהרט זיין בּעפרייאונגס־קאַמפּף, איז דאָס גאָר ניט גלייכגילטיג. וואָס וועלוועלער ס'זענען די לעבּענס־מיטלען, דאָס בּעסער קען זיך דער אַרבּייטער נעהרען און קליידען, דאָס מעהר כּח האָט ער צו ווידערשטייען אַנטקעגען די בּעלי־בּתים. און ניט נאָר דאָס אַליין. דער אַרבּייטער קען ווייניגער ווי אַלץ עפּעס אָבּשפּאָרען פון די הוצאות, וועלכע ער דאַרף האָבּען אויף זיינע קערפּערליכע בּעדערפנישען. אַזוינע בּעדערפנישען זענען בּעשטימט פון די נאַטור־געזעצען און לעבּענס־געוואָהנהייטען. די העכערונג אָדער די פערקלענערונג פון די שׂכירות ווירקט בּיים אַרבּייטער קודם כּל אויף זיינע קולטורעלע בּעדערפנישען: אויף די הוצאות אויף בּילדונג, אויפ'ן פּאָליטישען קאַמפּף און ד. ג. אָט דיזע בּעדערפנישען זענען די ערשטע, וועלכע, ווייניגסטענס, דאָרט, וואו דער אַרבּייטער

האָט שוין דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה פון ענטוויקלונג, געווינען דערפון, וואָס די לעבענס־מיטלען פון אַרבייטער — נאַהרונג, הייצונג, בעליַכטונג, קליידונג א. ז. וו.— ווערען וועלוועלער. און ס'איז דוקא טאַקע נויטיג, אַז דיזע קולטורעלע הוצאות זאָלען זיך וואָס מעהר פערגרעסערען.

די הוצאות, וועלכע דער אַרבייטער קען זיך פאַרגינען אויף בילדונג, אויפ'ן פּאָליטישען און פּראָפעסיאָנעלען קאַמפּף זענען פעסט בעגרענעצט דורך זיינע קערפּערליכע בעדערפנישען. ביי בעשטימטע שכירות און בעשטימטע מקחים פון לעבענס־מיטעל קען מען זיי ביז אויפ'ן האָר אַבשאַצען. דעם אַרבייטערס קעשענע איז זעהר בעגרענעצט און אַז מען זאָל פון איהר נעהמען צופיעל אויף איין זאַך, למשל, אויף אַנאַלגעמיינע וואַהל אָדער אַ גרויסען שטרייק, ווערט מען שוין וועניג וואָס קענען נעהמען אויף אַנ'אַנדער זאַך; עס קען זיך דעריבער דאַכטען ביי אַ אָבערפלעכליכע בעטראַכטונג, אַז די בילדונג, די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג פון די אַרבייטער זענען נאָר ניט ענג פערבונדען מיט אַנ'אַנדער, אַז יעדער פון זיי קען זיך נאָר ענטוויקלען אויף די קאָסטען פון דעם אַנדערען. דאָס איז אַ גאַנץ גראָבער טעות; דאָס וויַזט אָבער נאָר, ווי זעהר די אַרבייטערס מיטלען זענען פאַר דיזע צוועקען בעגרענעצט און וואָס פאַר אַ גרויסען ווערט עס האָט יעדעס מיטעל, וואָס העלפט צו פערגרעסערען דעם אַרבייטערס הכנסה. אָהן שום ספק קענען די קאָנסום־געזעלשאַפטען אין דיזען זינען זיין זעהר נוציג. גאַנץ נאָך דער מדרגה נאָך פון די אַרבייטער־בעוועגונג און פון די געזעצגעבינג בעווייזען די קאָנסום־פעראיינען זייער ווירקונג דערמיט, וואָס זיי גיבען די איינצעלנע מיטגליעדער די מעגליכקייט — סיי דורך דעם, וואָס זיי גיבען איהם וועלוועלערע לעבענס־מיטלען, סיי דורך דעם, וואָס זיי פערגרעסערען זיין הכנסה דורך דעם רוח — אויסצוגעבען מעהר אויף זייער בילדונג, אויף זייער פּאַרטיי, אויף זייער פּראָפעסיאָנעלען פעראיין. דאָרטען אָבער, וואו די אַרבייטער־בעוועגונג שטעהט אויף אַ הויכע מדרגה און געהט בעוואוסטערהייט צום ציעל, און וואו עס איז ניטאָ קיין שטרענגעש פון דער געזעצגעבונג, נעהמען זיך די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען אַליין פאַר דיזע ענינים. אין ענגלאַנד איז דאָ ניט וועניג קאָנסום־פעראיינען, וועלכע לאָזען אָב אַ היבשען טייל פון זייער הכנסה אויף בילדונג און פּראָפּאַגאַנדע. אין 1893־טען יאָהר האָבען די ענגלישע קאָנסום־פער־

אײנען אויסגעגעבען אויף בילדונג אַן ערך פון 320,000 רובל. און אויף אונטערשטיצונג אַנ׳ערך פון 240,000 רובל.

וואָס פאַר אַ ראָלע די קאָנסום-פעראיינען קענען שפּיעלען ביי אַ סטרײַק, קען מען זעהען פון בערשטיינ׳ס בעשרייבונג פון דעם ריעזיגען קוילען-גרעבער סטרײַק, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1893־טען יאָהר („נײַע צײַט", XII, 1, זײַטע 271). „גאַנץ אָפט — שרײַבט בערנ־שטיין — פלעגען די אָרטיגע קאָנסום־פעראײנען שטאַרק צו הילף קומען די אַרבײַטער. פון 24 טויזענד בערג־אַרבײַטער פון דרום־יאָרקשיר זענען 10,000 געװעזען מיטגליעדער פון דער קאָאָפּעראַטיװ־געזעלשאַפט אין בערנסלײַ, װעלכע האָט אין אויגוסט נאָך פונאַנדערגעטײַלט דעם האַלב־יעהריגען רוח, צו 25 רובל אויף יעדען מיטגליעד. הײַנט דעם האָבען פיעלע אַרבײַטער אָבגענומען אויך אַנדערע אַלטע חובות, וואָס זיי האָט געקומט פון פעראײן. און דעם 25־טען סעפּטעמבער, אַז די נויט האָט זיך פאַרשטאַרקט, האָט דער פעראײן בעשלאָסען פונאַנ־דערצושיקען 2500 רובל אין דעם משך פון 4 װאָכען, אַז מען זאָל דאָס צוטײַלען צװישען די מעהר בעדערפטיגע חברים. אין סך־הכל האָט דיזע געזעלשאַפט אַרויסגעגעבען אויף אונטערשטיצונג ביז אָנהײַב אָקטאָבער אַנ׳ערך פון 20,000 רובל. נאָך אַ צװײַטער קאָנסום־פעראײן האָט אַרויסגעגעבען אויף דעם זעלבען ציעל 15,000 רובל א. ז. װ. עס איז גאַנץ שװער אויסצורעכענען די גאַנצע סומע, װאָס אַנדערע אַרבײַטער־געזעלשאַפטען פון אַנדערע בעצירקען האָבען אויסגעגעבען. נאָר דאָס דאַרף מען דאָ דערמאָנען, אַז די גרויסע אײַנקויפס־געזעלשאַפט פון מאַנשעסטער האָט, נאָך אַנ׳אַלגעמײַנער אָבשטימונג, מיט אַ ריעזיגע מעהרהײַט בעװיליגט 50,000 רובל פאַר די סטרײַקענדע. — מיט איין װאָרט, דאָס, װאָס בײַ אַנדערע אומ־שטענדען איז מעהר ניט, װי אַ שטערענעש פאַר די אַרבײַטער־בעװעגונג, אַ מיטעל ניעדעריג אײַנצוהאַלטען די שכירות, איז דאָ, אין פערבינדונג מיט שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס, װעלכע האָבען גענוג כּח און פרײַהײַט, און דורך דעם, װאָס די בערג־אַרבײַטער האָבען דורך זײַער שטימ־רעכט אַ גרויסע פּאָליטישע װירקונג, — געװען אַ װירקליכע אונטערשטיצונג פאַר די אַרבײַטער, האָטש דיזע אונטערשטיצונג איז אַפילו געװען שטאַרק בעגרענעצט".

מעהר װי אַנמעטום אָבער איז דיזער מין טהעטיגקײַט פון די קאָנסום־פעראײנען ענטװיקעלט אין בעלגיען, װאו זיי אונטערשטי־

צען מיט דיזערע מיטלען ניט נאָר די בילדונג און פראָפעסיאָנעלע טהעטיג-
קייט, נאָר אַפילו די פּאָליטישע טהעטיגקייט פון קעמפפענדען פּראָ-
לעטאַריאַט אויך. וואַנדערוועלד ווייזט אויף פאָלגענדע סמנים פון
די בעלגישע סאָציאַליסטישע גענאָסענשאַפטען („נייע צייט" XVI,
1, זייטע 327 און ווייטער):

„א) אין די סטאַטוטען (תקנה־ביכלעך) שטעהט געשריבען, „אַז
די אָרגאַניזאַציאָן איז קודם כל אַ פּאָליטישע און אַ סאָציאַליסטישע
און אַז פון דער מינוט אָן, ווי די נעמען פון די מיטגליעדער ווערען
איינגעשריבען אין די ביכער פון דער גענאָסענשאַפט, אַנערקענען די
מיטגליעדער דערמיט אַליין דעם פּראָגראַם פון דער אַרבייטער־פּאַרטיי".

ב) יעדער קען ווערען אַ מיטגליעד פון אַ סאָציאַליסטישע גע-
נאָסענשאַפט, ווען ער ערפילט די פאָלגענדע 3 בעדינגונגען: 1) ער
איז איינשטימיג מיט'ן פּראָגראַם פון דער אַרבייטער־פּאַרטיי; 2) ער
בעצאָהלט איינטריט־געלד (19 קאָפּ. אין זשאָלימאָן, 31 קאָפּ. אין אַנט-
ווערפען, $9^1/_2$ קאָפּ אין אַנדערע שטעדט); 3) ער קויפט אַנ'אַנ-
טיילס־צעטעל, אַנ'אַקציע (אַ צעטעל קאָסט אומעטום 3 רובל 80 ק.
אויסער זשאָלימאָן, וואו ער קאָסט 1 רובל 25 ק. און לעווען, וואו ער
קאָסט $28^1/_2$ קאָפּ). דער פּרייז פון דער אַקציע ווערט אָבגערעכענט
פון רוח, וואָס דער מיטגליעד בעקומט; אויף אַזאַ אופן קען יעדער
קבצן ווערען אַ מיטגליעד פון פעראיין, ניט געבענדיג דערויף אַ קאָ-
פּיקע ניט.

דער רוח פון גאַנצען געשעפט ווערט צוטיילט אויף 3 חלקים:
איין טייל געהט אויף חובות און אויף רעזערוו־קאַפּיטאַל, אַ צוויי-
טער טייל געהט אויף סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָן און דער דריטער טייל
געהט אויף דעם רוח פאַר די אַרבייטער פון געשעפט און פאַר די מיט-
גליעדער פון פעראיין. דער רוח פון די מיטגליעדער איז אין פערשיעדענע
געגענדען פערשיעדען. ווי עס איז שוין אויבען דערמאָנט געוואָרען —
בעמערקט ווייטער וואַנדערוועלד — שטעלען צו די געגאָסענשאַפטען דער
פּאַרטיי דעם גרעסטען טייל פון איהרע אַגיטאַציאָנס־מיטלען אין גע-
שטאַלט פון געלד־סומען, פון סטרייק־אונטערשטיצונגען פון נדבות
אויף די סאָציאַליסטישע פּרעסע א. ד. ג. די געגאָסענשאַפטען זענען פאַר
די פּאַרטיי אַ מעלקעדיגע קוה.

„אַ דאַנק זיי, האָט אַ מאָל געזאָגט אַנסעל, קענען מיר שטור-
מען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט מיט קאַרטאָפעל און 4־פונטיגע

לאַבּענס בּרויט". ווען די אַרבּייטער־פיהרער ווערען צוליעב זייערע איבּערצייגונגען אַרויסגעיאָגט פון די ווערקשטאַטען און בּלייבּען אָהן בּרויט, קענען זיי זיין זיכער, אַז די קאָאָפּעראַטיוו וועט זיי געבּען אַ בּעשעפטיגונג. אין אַנדערע לענדער זענען די אַגיטאַטאָרען אין אַ שלעכטע צייט גאָר גענויט צו עפענען אַ קרעמעל, אָדער אַ שיינקעל, אין בּעלגיען אָבּער בּעקומען זיי אַ שטעלע אין „פאָלקס־הויז" אָדער אין „פאָרווערטס"*). פונקט אַזוי, ווי יעדער גלה זוכט צו פערשפּרייטען אין זיין דאָרף דעם קאַטוילישען גלויבּען, אַזוי פערשפּרייט יעדער גענאָסענשאַפטס־דיענער די פּרינציפּען פון סאָציאַליזמוס אין די אינדוסטריע־מיטעלפּונקטען. וואָס עס אָנבּעלאַנגט די מאָראַלישע ווירקונג פון די גענאָסענשאַפטען, דאַרפען מיר נאָך אָנווייזען אויף דעם, אַז אַלע קאָאָפּעראַטיווען עפענען בּאַלד נעבּען די בּעקערייען אויך רעסטאָראַנען, וואו עס זענען פאַראַן פערשיעדענע זאַלען פאַר פאָרלעזונגען, פאַר פערזאַמלונגען און פאַר ימים־טובים, אַלע אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס געהערען צו דער פּאַרטיי, האָבּען פאַר זיך אַנ'אומזיסטען זאַל; דאָ איז דער מיטעל־פונקט פון דעם גאַנצען סאָציאַליסטישען לעבּען פון דעם געגענד; דאָ קומען זיך צונויף אַלע גענאָסען. חוץ דעם האָבּען די גרעסערע גענאָסענשאַפטען געגרינדעט אָבּטיילונגען פאַר קונסט און ערציהונג, וועלכע עס ענטוויקלען זיך בּיסלעכווייז. די גענאָסענשאַפטען זענען אויף אַזאַ אופן ניט נאָר אַליין שטאַרקע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָנען און אַ מעכטיגער אַגיטאַציאָנס־מיטעל; וואָס ווייטער ווערען זיי אַלץ מעהר אַ מיטעלפּונקט פון גייסטיגען לעבּען.

מען דאַרף ניט אַרונטערמאַכען אונטער'ן האַנד די אונטערשטיצונג, וועלכע די גענאָסענשאַפטען גיבּען די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע בּעוועגונג. מיר ווייסען זעהר גוט, אַז דאָ קען מען אויך מיט קליינע מיטלען זעהר פיעל אויפטהון, וואָרום די בּעגייסטערונג פון דער מאַסע פערשטאַרקט און פערגרעסערט די ווירקונג פון די טהעטיגקייט. די 33 מיליאָן רייניגע רוח, וואָס די ענגלישע קאָנסום־פעראיינען גיבּען, זענען צו אומבּעדייטענד, צו ווייניג, אַז זיי זאָלען מיט זייער יעהרליכען צוואוקס קענען איינשלינגען דעם הונדערט־מאָל גיכער וואַקסענדען גאַנצען קאַפּיטאַל פון לאַנד. דיזע סומע וואָלט אָבּער געוועזען אַ ריעזיגער קריעגס־אוצר, ווען מען וואָלט איהם אָנגעווענדט

*) „פאָלקס־הויז" — אַ קאָאָפּעראַטיוו אין בּריוסעל; „פאָרווערטס" — אַ קאָאָפּעראַטיוו אין גענט.

אויף אָרגאַניזאַציאָנען און בילדונג פון פּראָלעטאַריאַט. אֶמת, דערצו דאַרף מען האָבען אַנ'ערך פון אַמיליאָן מיטגלידער, וואָס קענען צאָהלען במזומנים און וועלכע זאָלען זיך מיט פרייד אָבזאָגען פון זייער רוה לטובת הכלל. די ענגלישע קאָנסום-פעראיינען גיבען נאָך עד-היום אויף בילדונג ניט מעהר, ווי 1 פּראָצענט פון דעם ריינעם רוח. די קאָנסום-פעראיינען קענען נאָך אויף אַזאַ אופן טהון אַ טובה דעם פּראָלעטאַריאַט דאָרטען, וואו זייִ אָרגאַניזירען אייגענע בעטריעבען. דערמיט אַליין, וואָס זיי שטעלען זייערע אַרבייטער אין פיעל בעסערע בעדינגונגען (אויף ווי פיעל דאָס ערלויבט די קאָנקורענץ). דערמיט אַליין גיבען זיי אַלע אַרבייטער פון דעם זעלבען פאַך אונטערשטיצונג, מאַכען לייכטער זיך צו דערשלאָגען צו בעסערע אַרבייטס-בעדינגונגען אויך אין פּריוואַט געשעפטען.

מען דאַרף אין יעדען פאַל פון די טהעטיגקייט פון די קאָנסום-פעראיינען ניט צו פיעל ערוואַרטען. זי קען האָבען ממשות נאָר דאָרט, וואו די אַרבייטער-בעוועגונג איז שוין גענוג שטאַרק און ענטוויקעלט, און דערצו נאָר אין וויניג אינדוסטריע-צווייגען — פּונקט ווי דער בּאָיקאָט — דאָס הייסט אין אַזעלכע, מיט וועלכע די קאָנסום פעראיינען קענען זיך בעשעפטיגען, וועלכע דינען פאַר די פּערזענליכע בעדערפנישען פון די ברייטע פאָלקס-מאַסען, למשל, בעקעריען, שחיטה-הייזער, שיך-פאַבריקען, וועש- און קליידער-געשעפטען, טאַבאַק-פאַבריקען (דאָרט וואו עס ניטאָ קיין טאַבאַק מאָנאָפּאָל), קאָנסערווען-פאַבריקען א. ד. ג. יעדענפאַלס, האָבען די ענגלישע און בעלגישע גענאָסענשאַפטען אויף זייער טהעטיגקייטס-פעלד פיעל נוצען געבראַכט.

עס פערשטעהט זיך, אַז קיין גן עדן התחתון קענען זיי ביי דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטס-אָרדנונג ניט בעשאַפען. דורך זייערע קאָנקורענץ נוטען די גענאָסענשאַפטען די קליינע קרעמעלעך, אַז זיי זאָלען לאָזען וועלוועלער די לעבענס-מיטעל, דערמיט ברייִנגען זיי אַ נוטץ ניט נאָר זייערע מיטגלידער אַליין, נאָר אויך די איבעריגע בעפעלקערונג.

III.

מיר מוזען על כן אָננעהמען, אַז די גענאָסענשאַפטען שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין בעפרייאונגס-קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט. אויך

מאַרקס האָט אין 1866 יאָהר אויסגעדריקט די װעלכע מײנונג. מיר האַלטען פאַר נויטיג אויפצוװײזען דערויף, װײל די אָנהײנגער פון דער עטהישער בעװעגונג, די אַנאַרהיסטען, די סאָציאַל-פּאָליטיקער װאַרפען פאָר מאַרקס'ן און די מאַרקסיסטען, אַז זײ זענען פײנד פון גענאָסענשאַפטען.

אויף דער זשענעװער קאָנגרעס פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבײטער געזעלשאַפט" אין 1866 יאָהר האָט מען אָנגענומען די פאָלגענדע רעזאָליוציאָן, װעלכע דער גענעראַלראַט (צענטראַל קאָמיטעט) האָט פאָרגעלײגט. װי עס װײזט אויס, איז דער פּרינציפּיעלער טהײל געװעזען פערפאַסט פון מאַרקסען.

„די אויפגאַבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבײטער-געזעלשאַפט בעשטעהט אין דעם, צו פערבינדען די פון זיך אַלײן אַרויסגעװאַקסענע אַרבײטער-בעװעגונגען פון פערשידענע לענדער, זײ פער-אַלגעמײנערן און זײ צו געבען אַן אײנהײטליכקײט, אָבער זײ ניט נויטען אָנצונעהמען אַ װעלכע עס איז דאָקטרינערע סיסטעם*). דעריבער דאַרף דער קאָנגרעס זיך ניט אויסשפּרעכען פאַר אײן בעשטימטע סיסטעם פון גענאָסענשאַפטען, נאָר ער מוז זיך בעגנוגענען מיט דער ערקלערונג פון עטליכע אַלגעמײנע פּרינציפּען:

א) מיר האַלטען די געגאָסענשאַפטען פאַר אײנע פון די טרײב-קרעפטען, װאָס װעלען איבערמאַכען די יעצטיגע געזעלשאַפט, װאָס איז אויפגעבויט אויף די קלאַסען-געגענגעזעצטע. דער גרויסער פער-דיענסט פון דער בעװעגונג בעשטעהט אין דעם, װאָס ער װײזט אויף פּראַקטיש, אַז דער יעצטיגער דעספּאָטישער סיסטעם, װעלכער װאַרפט די אַרבײט אונטער דעם יאָך פון קאַפּיטאַל און ברײנגט הונגער און נויט, קען װערען אומגעביטען אויף אַ רעפּובליקאַנישע סיסטעם פון גענאָסענשאַפטען מיט גלײכע און פרײע מיטגליעדער, װעלכע װעט ברײנגען מזל-ברכה פאַר די מענשהײט.

ב) אָבער כל זמן די געגאָסענשאַפטס-בעװעגונג װעט זײן אין די ענגע ענטװיקלונגס-פאָרמען, װעלכע עס קענען איהר געבען די בעמיהונגען פון אײנצעלנע אַרבײטער, װעט זי קײן מאָל ניט זײן אים שטאַנד אומצוענדערן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. כדי די גע-זעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן איבערצומאַכען אין אַ גרויסע האַרמאָנישע

*) ד. ה. אַ סיסטעם, װאָס איז געבויט אויף כללים, װעלכע עס בײטען זיך קײן מאָל ניט אום.

סיסטעם פון פריַיע קאָאָפּעראַציאָנס, װעגען נויטיג אַזוינע אַלגעמיינע סאָציאַלע איבערקערעניש׳ען, אַזוינע אומבײַטונגען פון אַלע געזעלשאַפט־ליכע פערהעלטניסע, װעלכע מען װעט קיין מאָל ניט קענען דערגריי־כען, כל זמן די אָרגאַניזירטע מאַכט פון דער געזעלשאַפט, ד. ה. די מאַכט פון דער מלוכה, װעט ניט איבערגעהען פון די הענד פון די קאַפּיטאַליסטען אין די הענד פון די אַרבייטער.

ג) מיר שלאָגען פאָר די אַרבייטער בעסער צו גרינדען פּראָ־דוקטיװ־גענאָסענשאַפטען איידער קאָנסום־גענאָסענשאַפטען. די לעצטע בעריהרען נאָר די אָבערפלעכע פון דער יעצטיגער עקאָנאָמישער געזעל־שאַפט, בעת די ערשטע גראָבען אונטער איהר גרונדלאַגע.

ד) מיר שלאָגען פאָר אַלע קאָאָפּעראַטיװע גענאָסענשאַפטען אָבצוגעבען אַ טהייל פון זייער הכנסה אויף אַ קאַפּיטאַל צו פּראָפּאַגאַנ־דירען זייערע פּרינציפּען מיט װאָרט און ביישפּיעל, אָדער, אַנדערש געזאָגט, העלפענדיג גרינדען נייַע פאַבריקען מיט קאָאָפּעראַטיװ־פּראָדוק־ציאָן און אויך דורך בילדונג און אַגיטאַציאָן.

ה) כדי ניט דערלאָזען, אַז די קאָאָפּעראַטיװע גענאָסענשאַפ־טען זאָלען װערען איינפאַכע בורזשואַזנע אַקציאָן־געזעלשאַפטען, דאַרפען אַלע אין זיי בעשעפטיגטע אַרבייטער — גאַנץ גלייך, צו זיי װעגען אַקציאָנערען אָדער ניט — קריגען אַ גלייכען טהייל פון דעם פערדיענסט. נאָר זעלטען און אויף אַ קליינע צייט קען מען צולאָזען, אַז די אַקציאָ־נערען זאָלען קריגען אַ קליינעם פּראָצענט".

אויף דעם לאָזאַנער קאָנגרעס אין 1867 יאָהר האָט מען אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון עקקאַריוס, אַז די מיטגליעדער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־געזעלשאַפט" זאָלען װירקען אויף די פּראָפעסיאָנעלע בונדען, אַז די לעצטע זאָלען אָנװענדען אַלע מיטלען אויף גרינדען און אונטערשטיצען די פּראָדוקטיװ־גענאָסענשאַפטען.

װעגען דיזע צװיי רעזאָלוציאָנען האָט בערנשטיין אין זיין אַרטיקעל: „אַ נייַער פּראָיעקט פון גענאָסענשאַפטען" געשריבען („נייַע צייט" XIV, 1, זייטע 230): „פון דער זשענעװער רעזאָלוציאָן קען מען זאָגען, אַז אין איהר תוכן איז זי נאָך עד היום ניט ריכטיג. אָבער די אויספיהרונגען, װאָס זי האָט געמאַכט, האָבען נאָר געפּאַסט פאַר די ערפאַהרונג פון יענע צייט. דאָס רוב האָבען די גענאָסענשאַפטען, װעלכע האָבען זיך געגרינדעט אויף זעלבסט־הילפע און בעזאָנדערס די קאָנסום־גענאָסענשאַפטען, געהאַט אַ קרעמערשען כאַראַקטער. די לאָזאַנער

רעזאָליוציאָן איז געווען צו געפּאַסט צו דער אידעע, וועלכע איז געווען זעהר פערשפּרייט צווישען די פּראָגרעסיוועסטע אָנהייענגער פון פּראָפּע־סיאָנעלע בעוועגונג אין ענגלאַנד. די אידעע האָבען פערשיעדענע גע־ווערקשאַפטען געפּרובירט אין די זיבציגע יאָהרען אָנצוווענדען, אָבער עס איז דערפון זעהר וועניג אַרויסגעקומען. עס איז שווער צו זאָגען, ווי ווייט מאַרקס איז געווען איינשטימיג מיט אַלע רעזאָליוציאָנען, אָבער דער פּרינציפּיעלער טהייל געהערט יעדענפאַלס מאַרקסען. אין „קאַפּיטאַל", אויך אין זיינע אַנדערע ווערק, האָט ער זיך אויך אַזוי אויסגעדריקט. אין לעצטען קאַפּיטעל פון עקקאַריוס'ס בראָשיור „ווידער־לעגונג פון אַנ'אַרבייטער", וועלכע מאַרקס האָט דורכגעזעהען און אויסגעבעסערט, לעזען מיר: „די יעצטיגע גענאָסענשאַפטען האָבען אונפערמיידליך אין זיך עפּעס, וואָס כאַראַקטעריזירט אַ פּראָדוקציאָן, וועלכע בערוהט אויף קאַפּיטאַל און לוין־אַרבייט, אַקוראַט ווי די צעכען אין אַלטען רוים און אין די ערשטע צייטען פון מיטעל־אַלטער האָבען אונפערמיידליך געטראָגען אויף זיך אַ שטעמפּעל פון שקלאַ־פעריי. איך קוק אויף די יעצטיגע גענאָסענשאַפטליכע שטרעבונגען, אויף וויפיעל זיי קענען איבערהויפּט פּראַקטיש אויסגעפיהרט ווערען, ווי אויף די אַלטרוימישע צעכען, ווי אויף די ערשטע שוואַלבען פון צוקונפט, ווי אויף אַ צייכען פון די קומענדיגע סאָציאַלע פערהעלטניסע. פונקט אַזוי ווי עס איז געווען דאָס פערהעלטניס צווישען די אַלט־רוימישע צעכען און די פּאַנשצשיזנע־בויערן פון דעם ערשטען משך פון דער פעאָדאַלער מלוכה און דעם בונד פון די האַנזעאישע שטעדט, אַזוי וועט זיין דאָס פערהעלטניס צווישען די הייניגע פּראָדוקטיוו־גענאָסענשאַפטען און די צוקינפטיגע סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן". ווי דער אינהאַלט אַזוי די אויסדריקען ווייזען, אַז דאָס האָט געשריבען מאַרקס. אויף וויפיעל מאַרקס האָט געהאַלטען פאַר די גענאָסענשאַפ־טען, האָט ער געפאָדערט, אַז זיי זאָלען זיין געגרינדעט מיט די כּחות פון די אַרבייטער אַליין. „וואָס עס אָנבעלאַנגט די יעצטיגע גענאָסענ־שאַפטען, האָט ער געשריבען אין 1875 יאָהר, האָבען זיי נאָר אַ ווערט אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי זענען אונאַבהענגיג און געהערען די אַרבייטער אַליין, ליגען ניט אונטער דעם שוץ פון רעגירונג אָדער בורזשואַזיע" (אַ בריעף וועגען דעם פּראָיעקט פון גאָטאַיער פּראָגראַם, „נייע צייט" IX, I, זייטע 572).

„פון יענער צייט אָן האָט די געשיכטע פון די געגאָסענשאַפטען

בעוויזען, אז פראָדוקטיוו־גענאָסענשאַפטען טרעפען אין יעצטיגען עקאָ־נאָמישען אָרדנונג די גרעסטע שוועריגקייטען פון אַלע זייטען, ווייל די גענאָסענשאַפטען גראָבען זיך אונטער דעם גרונד פון די יעצטיגע געזעלשאַפט, בעת די קאָנסום־פעראיינען האָבען גאָר ניט אַלע מאָל אַ קרעמערשען כאַראַקטער. אַזוי ווי די קאָנסום־פעראיינען, רײדענדיג מיט די ווערטער פון ושענעווער רעוואָלוציאָן, זענען „איינע פון די טרייב־קרעפטען פון דער געזעלשאַפטליכער איבערקערענעש", איז דאָס טען, וואו די פראָדוקציאָן געפינט זיך אויף אַ נידריגע מדרגה פון ענטוויקלונג, און וואו זיי זענען די איינציגע געשטאַלט פון אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס, מוזען זיי קריגען אַ קרעמערשען כאַראַקטער. אָבער אויף אַ העכערע מדרגה פון ענטוויקלונג פון די פראָדוקציאָן, צוזאַמען מיט אַנדערע קרעפטען, קענען זיי ווערען שטאַרק ווירקענדע ספּרוזשינעס פון די געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג. דאָ איז אַלץ אָבהענגיג פון די אַלגעמיינע פערהעלטניסע פון געזעלשאַפטס־לעבען, צו וועלכע מיר רעכענען אויך די פּאָליטישע בעדינגונגען. אויסער דעם זעהען מיר דאָ אויך די ווירקונג פון דעם געזעץ, אַז מיט דעם צאָהל בייט זיך אויך די קוואַליטעט. די גרויסע גענאָסענשאַפטען אין צפון־ענגלאַנד האָבען געמוזט אָננעהמען אַן אַנדער כאַראַקטער, בעת זיי האָבען דער־גרייכט טויזענדע און צעהנדליגע טויזענד מיטגליעדער און האָבען גע־גרינדעט אַ בונד, וואָס האָט ארומגענומען אַ מיליאָן מיטגליעדער, פון וועלכע דער גרעסטער טהייל זענען געוועזען אין דער זעלבער צייט מיטגליעדער פון פּראָפעסיאָנעלע בונדען. איבערהויפּט איז די פער־ברייטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג אין ענגלאַנד צוזאַמענ־געפאַלען מיט דער ענטוויקלונג פון די פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג".

צו דעם, וואָס דאָ איז שוין געזאָגט געוואָרען, קענען מיר נאָך ווייניג וואָס צולייגען. אַז מיר וואָלטען שוין געוועזען אונגערעכט אין דעם, וואָס מיר וואָלטען פאַר צו קליין געהאַלטען די ראָלע, וועלכע די קאָנסום־פעראיינען קענען שפּיעלען אין לעבען פון אַרבייטער־פאָלק ביי די יעצטיגע בעדינגונגען, דאַרפען מיר אָבער אויך ניט פערגעסען, אַז זיי וועלען קיין מאָל ניט זיין אים שטאַנד צו פערנעהמען דעם אָרט פון פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציאָנען. אים געגענ־טהייל, די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציאָנען מוזען שוין זיין גוט ענטוויקעלט, איידער די קאָנסום־פעראיינען וועלען זיין אים שטאַנד צושפּיעלען וואָס עס איז פאַר אַ ראָליע אין קלאַסען־קאַמפף,

אין דיזֶע ראָלֶע, ווענִיגסטֶענס פאַר דִי נאָהֶענטֶע צוּקוּנפטִיגֶע צײַט, ווֶעט זײַן גענוּג קלײַן אין פערגלײַך מִיט דִי ראָלֶע פוּן דִי אַנדֶערֶע אוֹיבֶּען דֶערמאָנטֶע אָרגאַנִיזאַציאָנֶען. וואָס פאַר אַ ווִירקוּנג דִי קאָנסוּם-פֶעראײַנֶען קֶענֶען האָבּען צוּזאַמֶען מִיט דִי פּראָדוּקטִיוו-גענאָסֶענשאַפטֶען דאָרטֶען, וואוּ דֶער פּראָלֶעטאַריאַט האָט שוֹין דֶערגרײַכט האָטש צוּם טהײַל דִי פּאָלִיטִישֶע מאַכט, אָדֶער אוֹיף ווִיפִיעל דִי יֶעצטִיגֶע גענאָסֶענשאַפטֶען טראָגֶען אִין זִיך אַ קרן פוּן דִי צוּקִינפטִיגֶע סאָציאַלִיסטִישֶע געזעלשאַפט, דאָס אִיז אַ פראַגֶע, וועלכֶע מִיר ווֶעלֶען דאָ נִיט בּעטראַכטֶען, דֶען אִין אוּנזֶער אַרבּײַט בּעשֶעפטִיגֶען מִיר זִיך נאָר מִיט דֶער בּעדײַטוּנג פוּן דִי קאָנסוּם-פֶעראײַנֶען פאַר דִי יֶעצטִיגֶע צײַט. דאָס אַלֶעס, וואָס מִיר האָבֶּען דאָ געזאָגט, בּעווײַזט גענוּג, אַז דִי קאָנסוּם-פֶעראײַנֶען זֶענֶען נוּצלִיך דֶעם קֶעמפּפֶענדֶען פּראָלֶעטאַריאַט, אָבּער נאָר בּײַ געווִיסֶע פֶערהֶעלטנִיסֶען.

אָבּער נאָר אַ הוֹיכֶע מדרגה פוּן פּאָלִיטִישֶע אוּן פּראָפֶעסיאָנֶעלֶע אָרגאַנִיזאַציאָנֶען, וועלכֶע פאָדֶערֶען פוּן זײַער זײַט אַ הוֹיכֶע געזעלשאַפטלִיכֶע ענטווִיקלוּנג, אִיז נאָך נִיט דִי אײנצִיגֶע בּעדִינגוּנג, וועלכֶע עֶס אִיז נוֹיטִיג, אַז דִי קאָנסוּם-פֶעראײַנֶען, פוּן וועלכֶע מִיר רעדֶען דאָ, זאָלֶען האָבּען אַ קִיוּם. כּדי זײַ זאָלֶען האָבּען אַ קִיוּם מוּזֶען זִיך נאָך געפִינֶען אַ געווִיסֶע צאָהל פוּן מענשֶען, וועלכֶע עֶס זאָלֶען קֶענֶען פִיהרֶען דֶעם געשֶעפט. כּדי דִי קאָנסוּם-פֶעראײַנֶען זאָלֶען נִיט ווערֶען אײנפאַכֶע קרעמֶערלֶעך, וואוּ דֶער אַרבּײַטֶער קוֹיפט זײַנֶע סחורה וועלֶעלֶער ווִי אַנדֶערש וואוּ, מוּזֶען נִיט נאָר דֶער גרעסטֶער טײַל פוּן זײַנֶע מִיטגלִידֶער, נאָר אוֹיך דִי אָנפִיהרער זײַן פּראָלֶעטאַריֶער, אָדֶער ווענִיגסטֶענס פרײַנד פוּן קֶעמפּפֶענדֶען פּראָלֶעטאַריאַט. דֶער פּראָלֶעטאַריאַט מוּז פוּן זִיך אַלײן געבּען אַזעלכֶע קרעפטֶען, וואָס זאָלֶען זִיך קֶענֶען אִיבּערגעבּען פאַר דִי גענאָסֶענשאַפטֶען. נִיט אַלֶע מאָל האָט דֶער פּראָלֶעטאַריאַט אַזוֹינֶע קרעפטֶען. וואָס מֶעהר עֶס וואַקסט דִי אַרבּײַטֶער-בּעוועגוּנג אִין דֶער לֶענג אוּן אִין דֶער בּרײַט; וואָס גרעסֶער עֶס ווערט זײַן ווִירקוּנג אוֹיף דֶער מלוכה אוּן געזעלשאַפט; וואָס שווערֶער אוּן גרעסֶער עֶס ווערֶען דִי אוֹיפגאַבּען, וועלכֶע מען דאַרף פּראַקטִיש אוֹיספִיהרֶען, דאָס ווענִיגֶער קען מען זִיך בּעגנוּגענֶען מִיט דֶעם גוּטֶען רצון אוּן נִיט גענִיטֶע אַרבּײַט פוּן דִי אַרבּײַטֶער כּדי אוֹיפצוּטהוּן דִי אַרבּײַט, וועלכֶע עֶס פאָדֶערט דִי ענטווִיקלוּנג פוּן דֶער בּעוועגוּנג. עֶס ווערט אַלֶעס נוֹיטִיגֶער אִיבּערצוּגעבּען דִי אַרבּײַט בּעזוּנדֶערֶע מענשֶען, וואָס האָבּען דִי נוֹי-

טיגע פעהיגקייטען, די נויטיגע פראַקטישע און טעאָרעטישע געניט־
קייט, אַזעלכע, וואָס מען קען גוט זייער האַראַקטער. איהר קענט
קוקען אויף דיזע מענשען, ווי אויף אָנפיהרער פון דער בעוועגונג,
אָדער ווי אויף איהרע דיענער — עס איז אַלץ איינס: אָהן זיי קען
די בעוועגונג ניט עקזיסטירען, און וואָס מעהר זי וואַקסט, דאָס מעהר
נויטיגט זי זיך אין זיי.

אַזעלכע אויסגעצייכענטע און געניטע מענשען וועגען זעהר זעל־
טען און מען נויטהיגט זיך אין זיי בעזאָנדערס דאָרטען, וואו די בעווע־
גונג וואַקסט אַזוי גיך, אַז דער וואוקס פון אַזעלכע געניטע אויסגעפראָ־
בירטע קרעפטען קען איהם ניט דעריאָגען, ווייל זיי וואַקסען זעהר
לאַנגזאַם. אין אַזאַ פאַל קען די גרינדונג פון קאָנסום־פעראייניגען צו־
נעהמען די לעצטע קרעפטען ביי די פאָליטישע און פראָפעסיאָנעלע
אָרגאַניזאַציאָנען, אין דאָס וואָלט אין יעדעם פרט געוועזען זעהר שעד־
ליך פאַר אונזער בעוועגונג, ווייל די וועניגער וויכטיגע קאָנסום־פער־
נען וואָלטען זיך ענטוויקעלט אויף קאָסטען פון די וויכטיגערע אָרגאַני־
זאַציאָנען.

אָבער די פראַגע דאַרף מען נאָך פון אַ צווייטע זייט בעטראַכטען.
די פאָליטישע און די פראָפעסיאָנעלע טהעטיגקייט פאָרדערט אַזעלכע
קענטניסע און פעהיגקייטען, וועלכע ענטוויקלען זיך ביי די אַרבייטער
ביז אַ געוויסע גראַד דורך די בעדינגונגען פון זייער לעבען אַליין. אין
דיזע טהעטיגקייט שפיעלט שטענדיג די הויפט־ראָליע די פעראייניגטע
מיטהילפע פון דער אַרבייטער־מאַסע; איהר פערשטאַנד, איהרע בעגע־
נייסטערונג, איהר זעלבסט־אָפּפערונג גיבען די מעגליכקייט צו פעריכ־
טען די פעהלערן פון די פיהרער.

גאָר אַנדערש איז דאָס מיט די קאָנסום־פעראיינען. דאָ רעדט
מען שוין וועגען סוחר'ישע טהעטיגקייט, וועגען די טהעטיגקייט פון
אַ סוחר, אַ קאַפּיטאַליסט; דאָ דאַרף מען קענטניסע און פעהיגקייטען,
וועלכע עס זענען פרעמד דעם אינדוסטריעלען אַרבייטער, וועלכע ענט־
וויקלען זיך ניט אין פאָליטישען און פראָפעסיאָנעלען קאַמפף. אויך די
מיטווירקונג פון די מיטגליעדער שפיעלט דאָ אַ פיעל קלענער ראָלע,
ווי אין די פאָליטישע און פראָפעסיאָנעלע בעוועגונגען. דער קיום
פון דער גענאָסענשאַפט איז אָבהענגיג נאָר פון די פעהיגקייטען און
געניטקייט פון זיינע אָנפיהרער.

אָבער וואָס מעהר דער פאָליטישער און פראָפעסיאָנעלער קאַמפף

מערנעהמט דעם גאַנצען לעבען פון אַרבייטער־קלאַס, דאָס ניכער וועט ער פון איין זייט האַלטען די אָנפיהרער, וועלכע האָבען געוואונען זייַן פערטרויען אין דיזען קאַמפף, פאַר די בעסטע פיהרער פון די קאָנסום־פעראיינען, און פון דער אַנדערער זייט וועט ער בענוצען דיזע שטעלען צו פערזיכערן אַנ'אונאָבהענגיגע עקסיסטענץ פאַר די אויס־געפּראָבירטע קעמפּפער, וועלכע ווערען אַרויסגעטריבען פון די קאַפּי־טאַליסטען. מען קען אָבער זייַן אַ פּראַקטיגער פּאָליטיקער, אַ אויס־געצייכענטער פיהרער פון דער פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג און זעהר אַ צרה־דיגער סוחר.

אויב די פּאָליטיק און דער פּראָפעסיאָנעלער בונד קענען לייַ־דען דערפון, וואָס די קאָנסום־פעראיינען נעהמען צו ביי זיי די ניי־טיגסטע קרעפטען, וועלען די קאָנסום פעראיינען ליידען דערפון, וואָס די פּאָליטיק און דער פּראָפעסיאָנעלער בונד וועלען זיי צושטעלען אַזעל־כע קרעפטען, וואָס טויגען פאַר זיי ניט. און דאָך מוזען זיך אַלע דריי פאַכען ענטוויקלען צוזאַמען און ווירקען איינע אויף די אַנדערע, כדי די גענאָסענשאַפטס־בעוועגונג זאָל זייַן נוצליך פאַר די אַרבייטער זאַך.

אַלע די שוועריגקייטען זענען דאָס רוב פאַראַן דאָרטען, וואו די קאָנסום פעראיינען זענען נאָך יונג; וואו עס איז נאָך ניטאָ קיין גע־ניטקייט, ניט קיין טראַדיציאָנען; וואו עס האָבען זיך נאָך ניט אויס־געאַרבייט אַזעלכע פיהרער, וואָס קענען זייַן לעהרער און בעל־עצות פאַר דעם יונגען דור. אין אַזאַ פאַל, ווען עס ליגט פאַר אַ פראַגע, צו זאָל מען גרינדען קאָנסום־פעראיינען אָדער ניט, דאַרף מען פריהער פון אַלץ זעהען, אויב עס איז פאַראַן מענשען, וואָס קענען פיהרען דעם געשעפט. דער היילינער גוטער ווילען פון די קונים איז נאָך ניט גענוג.

פיעל בעסער ווי אומעדום זענען אין דעם פּרט די בעדינגונ־גען אין ענגלאַנד, וואו די קאָנסום־פעראיינען האָבען זיך געגרינדעט מיט הונדערט יאָהר צוריק, בעת אין דייטשלאַנד און עסטרייך איז די בעוועגונג אַלט נור איינינע צעהנדליג יאָהר; דאָ האָט זי זיך אָבגעהאַל־טען אין איהר ענטוויקלונג דורך די געזעצליכע שטערעניסען, וועלכע זענען נאָך עד היום אַ שטיין אין וועג פאַר די סאָציאַליסטישע גענאָ־סענשאַפטס־בעוועגונג. אָבער ניט קוקענדיג אויף די הונדערט־יאָהרי־גע געניטקייט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַפילו עד היום קענען די קאָנ־סום־פעראיינען ניט אַלע מאָל קאָנקורירען אין ענגלאַנד מיט דעם קאַפּי־

טאַל. לויט דעם חשבון, וואָס פרוי וועבּ ווייַזט אויף אין איהר אויבּענדערמאָנטען בּוך וועגען די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע בּעוועגונג, האָבּען אין דעם משך פון 1870 בּיז 1889 אויפגעהערט צו עקסיסטירען פון דעם צאָהל, וואָס איז געוועזען געגרינדעט אין דער צייַט, ניט ווייניגער ווי 844 געזעלשאַפטען.

אַז מיר וועלען אויפמערקזאַם דורכקוקען דעם חשבון, וואָס פרוי וועבּ ווייַזט אונז, וועלען מיר זעהען, אַז לאָנדאָן גיט די גרעסטע צאָהל פון בּאַנקראָטען פון קאָנסום־פעראיינען. אין גראַפשאַפט מידלסעקס האָבּען 99 געזעלשאַפטען אויפגעהערט צו עקזיסטירען. פון די 46 קאָנסום־פעראיינען, וואָס האָבּען אויפגעהערט צו עקזיסטירען אין גראַפשאַפט סאָררי, און פון 36 אין גראַפשאַפט קינט געהערט אַ נוטער הלק צו לאָנדאָן. און די גרויסע צאָל פון די בּאַנקראָטען ערקלעהרט זיך דערמיט, וואָס אין לאָנדאָן איז די קאָאָפּעראַטיווע בּעוועגונג זעהר שטאַרק, אָדער וואָס מען גרינדעט דאָרטען זעהר פיעל געזעלשאַפטען. אים געגענטהייל, אין לאָנדאָן זענען די קאָנסום־פעראיינען זעהר ווייניג ענטוויקעלט. — אין 1889 יאָהר איז אין לאָנדאָן, נאָך די ווערטער פון פרוי וועבּ, דער ווערטה פון די סחורה, וואָס זענען געוועזען פערקויפט פון אַלע געזעלשאַפטען, געוועזען ניט גרעסער ווי 80 קאָפּ. אויף יעדען איינוואָהנער. אין מידעלסקעס נאָר 48 קאָפּ! אים געגענטהייל, אין אַנדערע ערטער פון לאַנקאַשיר האָט ער דערגרייכט 46 רובּל אויף יעדען איינוואָהנער, אין דערהעם — אַפילו 80 רובּל און אין יאָרקשיר — 85 רובּל!

די הויפּטשטאָדט פון בּעלגיען איז אַ סך קלענער ווי לאָנדאָן. אין 1892 יאָהר איז אין בּ ר י ו ס ע ל געוועזען 200 טויזענד איינוואָהנער און אין איינעם מיט די פאָרשטעדט — נאָך ניט אין גאַנצען 500 טויזענד איינוואָהנער, און ניט קוקענדיג אויף דעם זעהען מיר, אַז אויך אין בּעלגיען איז דער לעבּען אין הויפּטשטאָדט ווייניגער גוט פאַר די ענטוויקלונג פון די געזעלשאַפטען, ווי אין די קלייניגע פּאַבּריטשנע שטעדט. ניט בּריוסעל, נאָר ג ע נ ט האָט געגרינדעט אין 1880 יאָהר די געזעלשאַפט „פאָרוועטס“, וועלכע דיענט פאַר אַ מוסטער פון אַלע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטען. בּריוסעל האָט ערשט אין 1004 יאָהר נאָכגעטהון דער פראַזיינג. האָטש בּריוסעל'ס „פאָלקס־הויז“ האָט געהאַט אין 1893 יאָהר 9000 מיטגליעדער און „פאָרווערטס“ מעהר ניט ווי 5500, האָט פונדעסטוועגען דער לעצטער

געהאַט 179,000 פראַנקען רוח, בעת דאָס „פאָלקס-הויז" האָט ניט געקראָגען אַפילו אַ העלפט פון דעם: 64 טויזענד פראַנק און כמעט אין גאַנצען פון די בעקערייַ (61,741 פראַנק).

אין דייַטשלאַנד ענטוויקלען זיך אין בערלין די קאָנסום-פעראיינען אויך ניט. בעסער ווי אומעדום ענטוויקלען זיי זיך אין זאַקסען. ווי עס ווייַזט אויס, טויג פאַר זיי ניט די לופט פון די גרויסע שטעדט. זאָל דאָס נור זיין אַ פשוטער צופאַל? די אָרגאַניזאַציאָן פון די קונים איז אין יעדען פרט אַ פייַנע זאַך, אָבער אַ געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן, ד. ה. אַ פערבינדונג פון פיעל געזעלשאַפטליכע עלעמענטען צו אַ פעראייניגטע טהעטיגקייט, פאָדערט, פריהער פון אַלץ, אַז מען זאָל קענען צוזאַמענברענגען דיזע עלעמענטען, פאָדערט אַ געוויסען גראַד פון צוזאַמען-זאַמלונג (קאָנצענטראַציאָן). און פאַר קיין מין פון אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען האָט דאָס ניט אַזאַ ווערדע, ווי פאַר די קאָנסום-פעראיינען.

איינער פון די פערעסענע קאָנסום-פעראיינס-פאַנטאַזיאָרען ווייַזט אָן דעם שווייצערישען פראָפעסיאָנעלען בונד, ווי אויף אַ בייַשפיעל, די באַזעלער קאָנסום-געזעלשאַפט, וועלכע האָט כמעט אַזוי פיעל מיטגליעדער, ווי דער פראָפעסיאָנעלער בונד (13,000), האָט אָבער געקראָגען אין איין יאָהר כמעט אַ האַלבען מיליאָן פראַנק רוח, בעת דער פראָפעסיאָנעלער בונד האָט אין זיין קאַסע קוים 30,000 פראַנק. אויף ווי פיעל מאָל וואָלט ער רייַכער געוועזען, ווען זייַנע מיטגליעדער וואָלטען זיך פערנומען מיט דער אָרגאַניזאַציאָן פון קונים.

אָבער ווי אַזוי די 13,000 טויזענד געזינדען, וועלכע זענען צושפּרייט איבער גאַנץ שווייץ, וואָלטען געקענט אָרגאַניזירען זייערע אייַנקויפע — וועגען דעם זאָגט אונזער חכם אַ וואָרט ניט. ס'איז גרינג צו פערשטעהן, אַז ווען 13,000 געזינדען וואַהנען אַזוי נאָהענט נעבען איינאַנדער, אַז זיי קענען מאַכען זייערע אייַנקויפען למשל אין 13 קראָמען, וועט דער רעזולטאַט זיין אַ גאַנץ אַנדערער, ווי ווען די זעלבע געזינדען זענען אַזוי צושפּרייט, אַז זיי דאַרפען האָבען פאַר די זעלבע אייַנקויפע 500 קראָמען. אין לעצטען פאַל וועט די קאָנסום-געזעלשאַפט מוזען באַנקראָטירען.

יעדער קאָנסום-פעראיין פאָדערט אַ געוויסען גראַד פון צוזאַמען-זאַמלונג פון געזינדען, וועלכע וועלען מאַכען ביי איהם זייערע אייַנקויפע. אמת, דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן זאַמעלט

שוין אַליין צוזאַמען גרויסע מאַסען פון אַרבייטער, אָבער אין קליינע שטעדטלעך געהט די צוזאַמען־זאַמלונג ביי דער אַרבייט האַנד אין האַנד מיט דער צוזאַמען־זאַמלונג פון געזינדען. אין די גרויסע שטעדט, מיט זייער מוראדיגע ווייטקייט, צושפּרייטען זיך די אַרבייטער נאָך אַרבייט אין אַלע זייטען פון שטאָדט, זיי זענען צוואָרפען צווישען אַנדערע איינוואָהנער, וועלכע האָבען פערשיעדענע און ניט זעלטען אומגעקעהרטע אינטערעסען. אַפילו די אַרבייטער אַליין זענען דאַ אויך ניט גלייך, אָפט האָבען זיי פערשיעדענע געוואָהנהייטען און פער־שיעדענע בעדערפנישען. ביי אַזוינע בעדינגונגען איז אין אַ גרויסע שטאָדט פיעל שווערער צו אָרגאַניזירען די קונים, ווי אין אַ קליין פאַבריטשנע שטעדטעל, וואו אַלע איינוואָהנער זענען אַרבייטער, וועל־כע זענען פערנומען נאָר אין עטליכע מלאכות. דערצו קומט נאָך צו נאָך אַנאַנדער שטערעניש. די טהעטיגקייט פון די קאָנסום־גענאָ־סענשאַפטען געהמט אַרום אַזאַ פאַך, אין וועלכען דער איינצעלנער קאַפּיטאַליסט, וואָס איז אַ פרייער בעל־הבית אין זיין אייגענעם גע־שעפט און קען ריזיקירען, איז אין אַ פיעל בעסערע לאַגע, ווי די קאָנסום־גענאָסענשאַפטען, וועלכע אַרבייטען מיט געדונגענע מענשען, וואָס זענען ניט אַזוי פריי אין זייער טהעטיגקייט און טראָגען אויף זיך די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט. גיט זיך זיי עפּעס ניט איין — דאַרפען זיי ענטפערען, גיט זיך זיי יע איין — האָבען זיי דערפון קיין שום נוטץ ניט. דער פאַך, אין וועלכען עס ווייזט זיך אַרויס דער פאָרצוג (מעלה) פון דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט אַנטקעגען די גענאָסענשאַפטען און נאָך מעהר אַנטקעגען די מלוכה, איז דער סוחר'רישער — דער האַנ־דעל. דער איינצעלנער סוחר קען בעסער אויסנוטצען די גוטע לאַגע פון מאַרק, ער ריהרט זיך אַ סך גיכער און איהם איז גרינגער נאָכצוגעהן נאָך דער מאָדע און נאָך די קאַפּריזען פון די קונדען.

אונזערע געגנער שטעלען מיט גרויס השק אַרויס דיזען פאַקט כדי צו בעווייזען אויף ווי ווייט די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן האָט מעהר מעלות ווי די סאָציאַליסטישע. און דאָס וואָלט טאַקי געווען זעהר אַ וויכטיגער בעווייז, ווען דער סאָציאַליזמוס וואָלט אין אמת'ן געוואָלט צונעהמען דעם האַנדעל ביי די סוחרים און איהם איבע־געבען די גענאָסענשאַפטען און דער מלוכה. אָבער, ווי מיר ווייסען, איז די מעשה ניט אַזוי. דער סאָציאַליזמוס וויל גאָר ניט איבערגעבען דעם האַנדעל דער מלוכה אָדער איהם גענאָסענשאַפטליך אָרגאַניזי־

רען, ער וויל איהם אין גאַנצען בטל מאַכען. פונקט אַזוי, ווי עס עקסיסטירט ניט קיין מסחר צווישען איינצעלנע ווערקשטאַטען פון אַ גרויסען ביכער־פערלאַג, וואָס האָט זיינע אייגענע פאַפּיר־פאַבריקען, שריפטגיסעריען, דרוקעריען, איינבינדעריען, האָטש צווישען זיי איז פאַראַן אַ שטענדיגער פערקעהר — אַזוי וועט אויך אין דער סאָציאַליס־טישער געזעלשאַפט ניט עקסיסטירען קיין האַנדעל אין דעם זינען, ווי מען פערשטעהט דאָס היינט.

ביי די גלייכע בעדינגונגען, ס'הייסט ביי אַ גלייך־גרויסען גע־שעפט, האָט דער איינצעלנער סוחר אַ פאָרצוג געגען די קאָנסום־גענאָ־סענשאַפטען, האָטש בזוש און זיינע חברים ווילען אונז איינרעדען, אַז ניט. און דער פאָרצוג איז דאָס גרעסער, וואָס מעהר דער מסחר איז פערפלאָנטערט, וואָס מעהר פערשיעדען, וואָס וועניגער שטענדיג עס זענען די קונדען.

אויך אין דעם פאַל זענען די בעדינגונגען פאַר די קאָנסום־פעראיינען בעסער ווי אומעדום אין די אייגענטליכע פאַבריטשנע בעפעל־קערונג. אין די גרויסע שטעדט, וואו עס וואָהנען נעבען איינאַנדער פאַבריטשנע אַרבייטער, הויז־אַרבייטער, אַרבייטער פון קונסט־ ווערק־שטאַטען, קליינע און גרויסע בעאַמטע, בעלי־מלאכות אַלערהאַנד, פוסט־און־פאַסטניקעס, וואָס האָבען קיין בעדייטונג ניט פאַר די פּראָ־דוקציאָן, אָבער זענען זעהר וויכטיג פאַר דעם פערברויך, און נאָך פיעל אַנדערע טהיילען פון דער בעפעלקערונג; דאָרטען, וואו די צאָהל פון די אַרבייטער איז אָבהענגיג פון פיעל בעדינגונגען, און ווערט דאָ גרעסער, דאָ קלענער; וואו עס בייטען זיך שטענדיג זייערע וואָהנונגען; וואו פאַר יעדע נייע מאָדע, יעדע נייע ערפינדונג כאַפּט מען זיך אָן גיכער ווי אומעדום — דאָרטען האָט אַ איינצעלנער סוחר פיעל מעהר ערפאָלג, ווי אַ קאָנסום־פעראיין.

צום סוף מוזען מיר נאָך אויפווייזען אויף נאָך אַ דריטען פונקט, וועלכער איז אפשר דער וויכטיגסטער. ביי דער הערשונג פון קאַפּי־טאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן האָט אַלע מאָל, ביי גלייכע בע־דינגונגען, דער בעטריעב מעהר וויגאָדעס, וועלכער ס'איז גרעסער. אין אַזאַ לאַגע איז דער קאָנסום־פעראיין אין פערגלייך מיט'ן קליינעם קרע־מעל. פונקט אַזוי האָבען די קאָנסום־פעראיינען, בשעת זיי נעהמען זיך אָרגאַניזירען פּראָדוקטיוו־גענאָסענשאַפטען, נור דאָרטען גליק, וואו עס איז נאָך שטאַרק דער קליינ־בעטריעב. אין אַלע דיזע אונטערנעה־

מונגען, ווי בעקערײַען, שחיטה־הײַזער, שוסטערײַען, שנײַדערײַען א. ד. ג., שטופּען זײ אַרויס דעם קלײן־בעטריעב, אָבער ניט דעם גרויס־בעטריעב. ווי איז דאָס אָבער דאָרטען, וואו עס טרעט אַרויס אַנקעגען דעם קאָנסום־פערײן אַ גרויסער קאַפּיטאַליסטישער געשעפט? אין קלענערע שטעדט מיט אײנערליי בעפעלקערונג, וואָס אָרגאַניזירט איהרע אײַנקויפע, איז אַזאַ פאַל נעהר זעלטען. דאָ מאָנאָפּאָליזירט דער קאָנסום־פערײן דעם גרעסטען טײל פון אָרטיגען מאַרק.

אין אַ גרויסע שטאָדט איז אַזאַ מאָנאָפּאָליזירונג כמעט אונמעגליך און בעזאָנדערס נאָך פאַר'ן אַרבײטער קאָנסום־פערײן, וואָס הײבט כמעט שטענדיג אָן צו פיהרען דעם געשעפט מיט זײער אַ קלײנעם קאַפּיטאַל, זיך כמעט אין גאַנצען שטיצענדיג אויף די קראַפט פון דער אָרגאַניזאַציאָן. גראַד דאַמאָלסט, ווען בײַ זײַן גרינדונג זענען פאַראַן אַלע בעדינגונגען, וואָס זענען נויטיג כדי דער קאָנסום־פערײן זאָל קענען ברײנגען אַ נוטץ דער אַרבײטער בעוועגונג, ס'הײסט ווען עס עקזיסטירען שטאַרק פערשאַרפטע קלאַסען־געגענזעצע, אַ שטאַרקע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג, גראַד דאַמאָלסט וועט ער קענען צוציהען נאָר אַ טהײל פון די שטעדטישע קונים, און דאָס ניט די וואָס קענען צאָהלען במזומנים; דעריבער וועט ער זיך קײן מאָל ניט קענען אַזוי פערגרעסערען און אויסברײטען, ווי אַ קאַפּיטאַליסטישער געשעפט מיט אַ ריזיגען קאַפּיטאַל, וואָס ווענדט זיך צו אַלע קונים, וואָס קענען נאָר צאָהלען במזומנים. אַזעלכע אונטערנעהמונגען זענען זעהר ענטוויקעלט אין לאָנדאָן, ווי די בעאַמטען־און־אָפיציער מאַגאַזינען (דאָס זענען אײגענטליך ניט קײן קאָנסום־פערײנען, נאָר גיכער אַקציאָנערע געזעלשאַפטען), די פירמע אואיטלי מיט 500 פּריקאַזטשיקעס, וואו דער קויפער קען קריגען אַלץ, וואָס זײַן האַרץ גלוסט איהם, פיעל מעהר, ווי אין אַ קאָנסום־פערײן. דאָ קען ער קריגען אַ קעז און אַ פּערסישען דיוואַן, אַ פלעשעל בראַנפען און אַ בילד, אַ צעהנדליג עפּעל און אַ גאַרדעראָבע פאַר אַ התונה, אַ פּאָר שטיוועל און אַ קאַרעטע, אַ בילעט אין טעאַטר און אַ מצבה.

די לאָנדאָנער קאָנסום־פערײנען קענען מיט דיזע געשעפטען ניט קאָנקורירען; די אָרגאַניזאַציאָן פון די קונים, וואָס דאַרף כלומר'שט עקספּראָפּריאירען דעם קאַפּיטאַל, האָט דערווײַלע אין דעם ווייניג אויפגעטאָהן; ניט דער גרויס־קאַפּיטאַל ווערט דורך איהם עקספּראָפּריאירט. אָט וואָס עס זאָגט וועגען דערינען מ אַ ט אַ י אַ: „לויט אונזער

ביזאהערינגער ערפאַהרונג מוזען מיר אָננעהמען, אַז אין די גרויסע געשעפטען, וואָס האַנדלען מיט זייער פערשידענע סחורה, קען מען נאָר װעלטען אָנווענדען דעם קאָאָפעראַטיװ־פּרינציפּ און דאָס נאָר ביי בעגרענצטע בעדינגונגען; דאָס רוב מוז מען צום געשעפט צוציהען געניטע מענשען און פערבינדען זייער אייגענעם אינטערעס מיט׳ן גאַנג פון געשעפט, ד..ה. אָדער מעהר אָדער װעניגער אָבטרעטען פון פּרינציפּ, אויף װעלכען עס זענען אויפגעבויט די קאָנסום־פעראייניגען. ניט קוקענדיג אויף דעם קענען דערביי די הוצאות פון געשעפט געמאַכט װערען אַזוי קליין, אַז די קונים זאָלען האָבען דעם גרעסטען נוטץ. מיר נעהמען זיך ניט אָן צו בעשטימען, אויף װיפיעל די צוקונפט װעט די בעדינגונגען אומבייטען" (דר. װ. מאַטאַיא: „די גרויסע מאַגאַזינען און דער קליין־האַנדעל", ז. 88). עס קען זיין, אַז די קאָנסום־פעראייניגען װעלען אונטער דער איינװירקונג פון אַנדערע פערהעלטניסען אפשר נאָך אַ מאָל זיין אים שטאַנד צו קאָנקורירען מיט די גרויסע מאַגאַזינען; ביז אַהער האָט דאָס זיי נאָך ניט איינגעגעבען, װעניגסטענס אין די גרויסע שטעדט.

עס איז ניט מיין אויפגאַבע צו אונטערזוכען, אויב די בעדינגונגען פאַר די ענטװיקלונג פון די קאָנסום־פעראייניגען זענען אין דער אָדער יענער גרויסע שטאָדט בעסער װי אין די אַנדערע; דאָס קענען בעשטימען נאָר די פּראַקטיקער. עס איז אויך ניט דער צװעק פון מיין אַרבייט אָבצוריידען פון דער גרינדונג פון קאָנסום־פעראייניגען. איבערהויפּט װאָלט דאָס געװעזען פונקט אַזוי נאַרעש, װי װען איך װאָלט געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי גרינדען, ניט קוקענדיג אויף קיין שום זאַך. דאָס װאָס עס זענען דאָ מענשען, װאָס האָבען קינדערשע האָפנונגען אויף די קאָנסום־פעראייניגען, דאַרף אונז ניט שטערען צו האַלטען, אַז די קאָנסום־פעראייניגען קענען שפּיעלען אַ װיכטיגע ראָליע אין דעם בעפרייאונגס־קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט, האָטש ניט אַזאַ, װי די פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען. די גרינדונג פון קאָנסום־פעראייניגען איז ניט נאָר ניט ענטגעגען אונזערע פּרינציפּען, נאָר עס איז פאַראַן פאַלען, װאו מען מוז זיי גרינדען.

אָבער אין ערגעץ איז ניט דאָ אַזעלכע שלעכטע בעדינגונגען פאַר די פעראיינען, װי אין אַ גרויסער שטאָדט, און דעריבער דאַרף מען דאָ זיך פריהער גוט מישב זיין, אויב דאָ איז פאַראַן די מעגליכקייט צו גרינדען אַ קאָנסום־פעראיין.

ניט נאָר אין גרויסע שטעדט, נאָר אַפּילו נאָך אין פיעל אַנדערע ערטער פון איראָפּאַ, ווי, למשל, אויף מזרח־זייט פון רהיין*), זענען די געזעצליכע, עקאָנאָמישע און אַפּילו גייסטיגע בעדינגונגען פאַר אַ קרעפטיגע גענאָסענשאַפטס־בעוועגונג, וואָס זאָל ברייננגען נוטצען דעם פּראָלעטאַריאַט, זעהר וועניג ענטוויקעלט, אָדער עקסיסטירען אָפט נאָר ניט. אָבער די קלאַסען־אינטערעסען טרייבען אומעטום דעם פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל די בעדינגונגען בעשאַפען, וועלכע עס זענען נויטהיג פאַר די גענאָסענשאַפטליכע בעוועגונג.

דער פּראָלעטאַריאַט איז גענויטהיגט צו פיהרען אַ קאַמפּף מיט די פּאָליציייאישע מלוכה, וועלכע איז איינע פון די גרעסטע שטערענישען פאַר אַ קרעפטיגע און אַ זעלבסט־שטענדיגע געגאָסענשאַפטס־בעוועגונג. ער מוז זיך בילדען, ענטוויקלען זיינע פעהיגקייטען און דער־מיט אויך ענטוויקלען ביי זיך די גייסטיגע מעלות, מיט וועלכע איינצעלנע פון זיינע מיטגלידער וועלען זיין אים שטאַנד צו דערגעהן די קענטני־סען, וואָס זענען נויטהיג צום פיהרען אַ געגאָסענשאַפט; און דורך זיינע פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען בעשאַפט ער בעדינגונגען פאַר די אָרגאַניזאַציאָן פון פערבּרויך. יעדער באָיקאָט בעֶ־ווייזט, וואָס פאַר אַ קראַפט עס האָט, אין געוויסע גרענצען, דער אָר־גאַניזירטער פערבּרויך. אָבער ער בעווייזט אויך, ווי נוטציג עס איז די פאַרגרייטענדע אַרבייט פון די פּאָליטישע און בעזאָנדערס פון די פּראָפּעֶ־סיאָנעלע אָרגאַניזאַציאָנען. דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט וועגען באָיקאָט, קען מען אויך זאָגען וועגען די קאָנסום־געגאָסענשאַפּ־טען.

האָטש עס איז נאָך עד היום פאַראַן ערטער, וואו עס טויג ניט, אַז מען זאָל בעשאַפען אַ קאָנסום־פעראיינס־בעוועגונג, האָטש די קאָנסום־פעראיינען זענען אין אַזעלכע ערטער נאָך עד היום אַ מיטעל אָבצונאַרען די אַרבייטער און אויסצוברייננגען זייערע קרעפטען אויף אונ־פּרוקטבּאַרע פּראָבּעס, פונדעסטוועגען, ניט קוקענדיג אויף דאָס אַלעס, קענען מיר זאָגען:

פריהער אָדער שפּעטער איז דער קאָנסום־געגאָסענשאַפטס־בעֶ־וועגונג בעשערט צו שפּיעלען אין יעדעם לאַנד אַ וויכטיגע ראָלע אין בעֶ־פרייאונגס־קאַמפּף פון אַרבייטער־קלאַס, נעבען דעם קאַמפּף פון די

*) רהיין אַ טייך אין דייטשלאַנד.

פּראָפּעסיאָנעלע בונדען אַז זיי זאָלען האָבען אַ דעה אין דער פּראָדוקציאָן, נעבען דעם קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט פאַר די מאַכט אין דער געמיינדע און אין דער מלוכה, נעבען דער שטרעבונג פון דער געמיינדע און מלוכה צו פערברייטערען און פערגרעסערען זייער דעה און מאַכט איבער מעהר און מעהר צווייגען פון פּראָדוקציאָן, וואָס זיי זאָלען אַליין פיהרען.

שטעלען מיר זיך דען ניט פאָר די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ווי אַ ריעזיגע קאָנסום-גענאָסענשאַפט, וועלכע וועט אָבער ניט זיין קיין האַנדעל-גענאָסענשאַפט, נאָר אַ פּראָדוקטיוו-גענאָסענשאַפט, וואָס וועט פּראָדוצירען פאַר דעם פערברויך פון זיינע מיטגליעדער!

